# דער יוד

# DER JUDE

## צייטשריפט פיר אלע יודישע אינטערעסען

ערשיינט יעדע וואך — פערלאג: חברת „אחיאסף“.

Krakau 27 Februar 1902. — פיערטער יאהרגאנג. — קראקוי, אדר תרס״ב.


## נומר 9

## אינהאלט:

# רשימת ספרים

חדשים וגם ישנים שנכנסו לבית מסחר הספרים
אשר ל„אחיאסף" בווארשא,
רחוב טווארדא נו׳ 6.

| | ק. ר. |
|---|---|
| אוהב גר, ביאור על תרגום אונקלוס על התורה עם הוספות מאת שד״ל | 90 |
| אחרית ירושלים, חזיון בשיר, לנדא | 40 |
| בינה עולם, על תרגום אשכנזי וכאור אטענזאסער | 30 |
| דור וחכמיו, מ. ריינעס קראקא | 50 |
| דמעת עשוקים, ספור, זילבערבוש | 80 |
| דרך עץ חיים, ספור מישיבת וואלאזין | 50 |
| הגיוני שפינוזה, ד״ר שלמה רובין | 20 |
| הדת והחיים, ג״ה, ב״רודס, לעמבערג | 1 20 |
| היהודים, חזיון, לעסינג | 30 |
| הרמון, ספור, ברודס, קראקא | 30 |
| חקירות בקדמוניות ישראל, ד״ר ברנפעלד | 20 |
| יסודי התורה, מלאכת ר׳ שד״ל ז״ל | 25 |
| כל ספורי בראנדשטעטער ב״ה | 1 — |
| כלילת יופי, תולדות הרבנים והגאונים בלבוב, ח״נ דעמביצער, ב״ה, קראקא | 1 75 |
| לתולדות ר׳ סעדיה גאון, עם מקצת מספ״ו האגרון, ד׳ בהנא | 20 |
| מאמר היחוד להרמב״ם והראב״ע | 30 |
| מגדל עוז, רמ״ה לוצאטו, לעמבערג | 25 |
| מגלה טמירין, ר״י פערל, עם דברי צדיקים מריב״ל, לבוב | 60 |
| מקדמוניות היהודים, קובץ מאמרים בחקרי קדמוניות מר״א עפשטיין, וויען | 1 80 |
| ר׳ סעדיה גאון, ד״ר ש. ברנפעלד | 20 |

## זשארגאנישע ביכער:

| | |
|---|---|
| א מעשה אָהן איין עק פון שלום עליכם | 25 |
| מענשליכע ענטוויקלונג, קולטורגעשיכטע | 25 |
| יוסף פערלס לעבענסבעשרייבונג | 10 |
| וועמעס גלויבען איז בעסער, פון גראף טאלסטאי | 5 |
| דער זיידע צייט, פון נ. רובאקין | 25 |
| די געפאלענע פרוי, פון גראשין | 10 |
| לעבענסבעשרייבונג פון בנימין פראנקלין | 20 |
| איינע פאלקסרעדע, פון י. ב. לערענמאן | 8 |
| קורין פרייטאג, קאצענעללענבאגען | 10 |

## בילדער:

| | |
|---|---|
| בריאת העולם | 1 50 |
| דור הפלגה | 1 50 |
| רבקה ביי דער ברונען | 1 50 |
| מכירת יוסף | 1 50 |
| יעקב בעגעגענט זיך מיט רחל | 1 50 |
| יוסף איז פותר חלום | 1 50 |
| דוד המלך׳ס נצחון אויף גלית הפלשתי | 1 50 |
| ירמיהו הנביא אויף די הרבות פון ירושלים | 1 50 |
| על נהרות בבל | 1 50 |
| אסתר המלכה קומט צו אחשורוש | 1 50 |
| יהודית | 1 50 |
| מזרח | 1 — |
| כותל מערבי | 1 — |
| דער ערשטער קאָנגרעס אין באזעל | 1 — |
| דער צווייטער „ „ | 1 — |
| דרייפוס און זיינע פערטיידיגער | 50 |
| מפת ארץ ישראל בשי עברי מאלקאוו | 50 |
| „ „ אין פארבען | 1 — |
| משה ווערט אויסגעצויגען פון וואסער | 1 50 |
| אסתר און איהר דינערין | 1 50 |
| משה און יתרו׳ס טעכטער | 1 50 |
| פרעה און זיין חייל זינקען אין ים | 1 50 |
| „שמש בגבעון דום" | 1 50 |

די אלע בילדער זענען אין גרויסען פאָרמאַט פיין געדרוקט, אויסלענדישע ארבייט.

| | |
|---|---|
| אלבום. נאַטירליכע בלומען פון ארץ ישראל געבונדען אין עצי־זית. | 2 — |

Издательство Ахiасафъ, Варшава.
Verlag „ACHIASAF", Warschau.

IV. Jahrgang. DER JUDE. Nr. 9

דער פרייז פיר רוססלאנד:
גאנץ יאהרליך —.5 רובל.
האלב יאהרליך —.3 „
פיערטעל יאהרליך 1.50 „
מען קען אויך אויסצאהלען אין 3 ראטען:
ביים אבאנירען — 2 רובל
דען 1טען אפריל — 2 „
דע 1טען אויגוסט — 1 „
איינצעלנע נומערן 15 קאפ.— 30 העללער.
ענדערן די אדרעס קאסט 20 קאפ
די אדרעסע פיר רוסלאנד:
Издательство
„Ахіасафъ“, Варшава.

# דער יוד

צייטשריפט
פיר אלע יודישע אינטערעסען.
ערשיינט יעדע וואך.
פערלאג: חברת „אחיאסף“.

אבאנאמענטס פרייז יאהרליך:
אסטרייך-אונגארן —.12 קראנען
האלביאהריג —.6 „
פירטעליאהריג —.3 „
דייטשלאנד —.10 מארק.
ארץ ישראל —.12 פראנק.
אנדערע לענדער —.15 „
אמעריקא. ענגלאנד —.10 שילינג
פרייז פון מודעות (אנצייגען):
פיר יעדער קליינע שורה פעטיט 20 העללער ,25 פפעניג, 10 קאפ.
די אדרעסע פיר עסטר.-אונגארן און אנדערע לענדער:
Administration Der Jude,
Krakau, Gertrudy 16.

קראקויא, אדר תרס"ב. נומר 9 Krakau, 27 Februar 1902.

## דער סך־הכל פון פינפטען קאנגרעס.

.II

די וועלט איז זיך נוהג, אז מען מאכט א קאנגרעס, כדי צו בעהאנדלען וועלכע ס'איז וויסענשאפטליכע אדער לעבענס־פראגען, גיט מען איבער די בעארבייטונג פון די פראגען, איבער וועלכע מען דארף רעדען אויפ'ן קאנגרעס, ספעציאליסטען; זיי ערלערנען די ענינים גרינדליך, לייענען איבער די רעזולטאטען פון זייער פארשונג פאר דעם קאנגרעס, זאגען ארויס זייער מיינונג איבער דעם ענין און אזוי ווערען קלאר אלע מיטגליעדער פון קאנגרעס מיט דער פראגע, איבער וועלכע עס דארף בעשלאסען ווערען, נאכדעם איז מען זיך דעריבער מתיכּח.

ביי אונז אויפ'ן קאנגרעס איז די מעשה ניט אזוי געוועזן. אלע רעדנער האבען אבגעמאכט זייערע רעדען — א חוץ סאקאלאוו'ן און בובער'ן — אינטער'ן האנד, שטארק „טאנדעט". ניט די רעדנער האבען געקענט טיכטיג די פראגען, איבער וועלכע זיי האבען געלייענט רעפעראטען, ניט דאס פובליקום האט זיך געקענט דורך די רעפעראטען בעקענען מיט זיי.

איך מיין, אז ס'איז דאך נויטהיג צו זאגען א פאר ווערטער איבער די רעדען, אלענפאלס האבען זיי צוגענומען א סך צייט אויפ'ן קאנגרעס, און ווער ווייס? אפשר פון דעם צוגליעדערן די רעדעי, ווועלען מיר מעהר אבלערנען, ווי פון די רעדען אליין. —

איך וועל אנהייבען פון די גרויסע; דער גרעסטער רעדנער אויפ'ן קאנגרעס — ווי אויף אלע ביז איצטיגע קאנגרעסען — איז געווים געוועזן דר. מאקס נארדוי.

אויף דעם פינפטען קאנגרעס האט נארדוי געלייענט א רעפעראט איבער איינע פון די וויכטיגסטע פראגען אין ציוניזם און אין יודישען לעבען איבערהויפט. ער האט געלייענט איבער „דיווירטשאפטליכע און גייסטיגע הויבונג פון יודישען פאלק"?

דר. מאקס נארדוי איז, ווי מען ווייס, איינער פון די גרעסטע ליטערארישע טאלאנטען אין אייראפא, איינער פון די שארפסטע קריטיקער, זעהר א גוטער ארצט, זעהר א גוטער ציוניסט, א גוטער יוד, דאס וועלען אלע מודה זיין — אפילו די פין אונזערע יודען, וועלכע האבען קיין איינציג ווארט פון נארדויס שרייבען ניט געלייענט — אבער פונקט אזוי וועלען אלע מוזען מודה זיין, אז אין ווירטשאפטליכע פראגען איז ער א קנאפער קענער, אז די לאגע פון יודישען פאלק, ווי די ווירטשאפטליכע אזוי אויך די גייסטיגע, איז איהם לחלוטין פרעמד.

דעריבער, איז זיין רעפעראט געוועזן זעהר גלענצענד; שארפע פיילען זענען געפלויגען אין פערשידענע זייטען; פונקען פייער האבען זיך געשאטען, שפיטציגע ווערטער האבען זיך געגאסען, אבער דעם ענין האט ער ווענינ בעלויכטעט, און דאס ביסיל ליכט, וואס ער האט געגעבען, איז געוועזן פאלשעס ליכט. אין פאריז זיטצענדיג קען מען בשום אופן ניט וויסען, למשל, די לאגע פון די רוסישע יודען. —

מיר וועלען אבער איבערגעהן צום רעפעראט אליין.

אין עטליכע שורות האט נארדוי גערעדט וועגען יודישע האנדעלסלייט און נעפונען, אז זייער מצב איז אזוי שלעכט — ווייל זיי האבען קיין מזומן געלד ניט צו האנדלען, ווייל ס'זענען דא צו פיעל קראמען אין די יודישע שטעדט און שטעדטליך —, אזוי אז יעדער קרעמער האט נור איין קונה — דעם בעל־הבית אליין.

און דאס איז גאר?

ביי נארדוי יא, אין לעבען אבער געווים ניט.

זעכציג, זיבציג פראצענט פון די יודען אין רוסלאנד, למשל, לעבען, כלומר'שט, פון האנדעל. אבער ניט אלע קען מען צונויפנעהמען אין איין הויפען, און ניט אלע קען מען אבפטר'ן מיט איין און דערזעלבער פראזע. ס'זענען דא מאסען קרעמליך, וועלכע זענען גרויס א שפאן אויף א שפאן, און אינווענינ איז דא, ווען א סך, פאר דריי גראשען סחורה. די פאמיליע אבער, צו וועמען אט דאס עשירות געהערט, לעבט ניט און מיינט ניט צו לעבען פון אזא קראם; דאס רוב על כל פנים ניט. געוועהנליך טהוט נאך דער פאטער פון דער פאמיליע עפיס אנדערש, די מוטער ווידער עפיס אנדערש, דערוואקסענע קינדער ארבייטען אויך, דאס איינע דא, דאס אנדערע דארט, און די קראם איז זיך גלאט אזוי, א נעבען־זאך, אט זאל גאט האבען די מעגליכקייט אריינצושיקען מזל־ברכה. רעדט מען ערנסט פון יודישע האנדעלסלייט,

פון די קוועלען, פון וועלכע יודען שעפען זייער פרנסה, דארפען אט אזעלכע "הענדלער" און געשעפטסמאכער ניט קומען אין רעכנונג. איך וויל ניט אבלייקענען, אז ס'זענען דא פערגעסענע, דערשלאגענע, ארימע פאמיליעס, אלמנות און יתומים, וועלכע האבען ניט קיין אנדער טהועכטס אויסער אט אזעלכע קראמען, אבער די געהערען בשום אופן ניט צו דער האנדעלס־קלאסע; ניכער געהערען זיי צו די לומפען־פראלעטאריער, וועלכע האבען איבערהויפט קיין בעשעפטיגונג ניט און טויגען צו קיין זאך ניט, ווי די גרויסע מאסען בערקוטען, שלעפערס, הייזערניקעס א. ד. ג.

אנדערש איז עס מיט די גרויסע מאסען אמת'ע האנדעלס־לייט; גרויסע, קלענערע און קליינע געשעפטען. דא איז אין אמת'ן ניט דער הויפט־חסרון אין דעם, וואס עס פעהלט געלד, ניין, דא איז, על פי רוב, דער הסרון דער, וואס אונזערע סוחרים ווייסען פון קיין וועלט ניט צו זאגען. יעדערער פערנעמט זיך דערמיט, וואס זיין טאטע האט זיך פערנומען און דער שכן פערנעמט זיך. אלע טרייבען כמעט איין און דאס זעלבע געשעפט, און זייערע גייסטיגע כחות, זייער שכל קענען זיך ניט אויפהויבען אזוי הויך, אז זיי זאלען עפיס נייעס אויפטהון, אדער האטש נאכמאכען דאס, וואס עס טהוט זיך אין דער ניט יודישער גאס. און קוקען ניט דערויף, וואס אין זייער גאס פערלאנגט גאר קיינער ניט דאס, וואס זיי שלאגען פאר. געווים איז דאס זיין "צונויפגעשפארט" פון די יודען א גרויסע צרה פאר זיי, אבער ניט נור אין דעם ליגט דער הויפטפעהלער.

אלע האלטען זיך אין "מיטעל האנדעל", און אט דער האנדעלס־צווייג פערדארט פון טאג צו טאג, פון יאהר צו יאהר, און וויפיעל געלד מען זאל אין איהם ניט אריינלעגען, וועט מען איהם ניט קענען ראטעווען פון טויט. די סבות פון זיין אבשטארבען ליעגען וויים פון דער יודישער גאס; ניט דא איז דאס ארט צו רעדען דערפון.

ס'איז דא קאפיטאל, און א גרויסער קאפיטאל געלד איז אין יודישע הענד, אבער די קאפיטאלען ווערען דאס רוב ניט בענוצט אויף אזא אופן, וואס זאל די יודישע ארבייטער ברייננגען די מעגליכע נוטצען. ביי יודישע פאבריקאנטען אין די פאבריקען — ארבייטען זעהר וועניג יודישע ארבייטער; ביי די ארבייטען פון יודישע פאדראטשיקעס — פערדינען זעהר וועניג יודישע "מענשען"; פון די גרויסע קאפיטאלען, וועלכע ליגען אין ביינק אדער אין פראצענט־פאפירען, איז דאך קיין קלער ניט, אז יודען קענען קיין הנאה ניט האבען *).

דאס געזאגטע, דאכט זיך, קלעקט, כדי צו ווייזען, ווי אויבערפלעכליך נארדוי האט דעם פונקט פון זיין רעדע בעהאנדעלט.

ניט בעסער האלט עס מיט'ן 2-טען פונקט — מיט דעם יודישען גייסטיגען לעבען.

דאס וואס יודישע קינדער לויפען אזוי צו בילדונג, אין גימנאזיעס און אוניווערזיטעטען, איז נור א מין קראנקהייט, רחמנא לצלן. דאס וואס ארימע קינדער זענען זיך מפקיר פאר בילדונג איז א מין משוגעת, ניט דא געדאכט. ווייל זיי זענען ארים, דערפאר זענען זיי בשעת דעם לערנען אבנארער, שווינדלער און בשעת דעם עקזאמען גליק־שפילער. די פראפעסארען האבען זיי פיינד, און די מענשהייט האט פון זיי וועניג וואס נוטצען; די גרויסע מענשען, וואס מיר האבען דער וועלט געגעבען, זענען פון די, וועלכע וואקסען פון פערמעגליכע עלטערן — אט אזוי זאגט נארדוי.

וואס זאלען מיר דערויף זאגען?

זאלען מיר רעדען פון אמאל, צי פון איצטער? זאלען מיר רעדען פון: הלל און רבי עקיבא אדער פון אבן־עזרא און שפינוזא? פון מענדעלסזאן און שלמה מימון אדער פון סמאלענסקין און גארדאן? איך וויים באמת ניט, פון וואנען אנצוהויבען, כדי צו ווייזען, אז די גרעסטע יודישע חכמים, פילאזאפען און שריפטשטעלער, זענען דוקא געוואקסען פון גרעסטען דלות, און נור דורך אייגענעם השק, אויפאפפערונג און הארטנעקיגקייט זענען זיי

*) איך מוז דא אנווייזען אויף דעם ארטיקעל: "די עקאנאמישע לאגע פון די יודען אין רוסלאנד" פון ה' Novus, אין דער זשארגאנישער "וועלט" נו' 6, 7, 12, 13. אין יאהר 1901. —

# פעלעטאן.

## קלֵיינֶע מֶענְשֶעלִיך

מִיט קְלֵיינֶע הַשָׂגוֹת.

בילדער

פון שלום־עליכם.

—

XI.

### נִישְׁטָא קֵיין מֵתִים!

ראש־חודש אלול בין איך געקומען קיין כתריליווקע אויף קבר־אבות.

דאס אלטע אלטע כתריליווקער בית־הקברות ועהט אויס אסך שענער און אסך לעבעדיגער פון דער שטאדט אליין. איהר געפינט דא שטובליך־מצבות שענערע ווי די שענסטע הייזער אין שטאדט. היינט וואס איז ווערט דאס וואס ס'איז דא טרוקען ווי פעפער, נישטא יענע ליימיגע זומפיגע בלאטע וואס אין שטאדט? דא זעהט איהר פאר זיך חאטש גרינס, אז עס קומט זומער לעבען, א גרעזיל, א צווייג — דריי בארען־בוימליך, איהר הערט א פישטשען פון פייגעליך וואס שפרינגען פון איין צווייגעל אויפ'ן אנדערען און שמועסען זיך אוים אויף זייער לשון. דא זעהט איהר פאר זיך א גרויסע קיילעכיגע בלויע יארמעלקע מיט א לויטערע ווארעמע, זון. פון דער לופט שמועסט מען ניט אז דא איז זי אין טויזענד גראד בעסער, פרישער און געזונדער ווי אין שטאדט. סאי דא סאי דארט ליגט מען דאך אין דער ערד פער איילען! דער חילוק איז נור וואס דא, אויפ'ן בית־עלמין ליגען די מתים אויף איין ארט, און דארט, אין שטאדט, געהען זיי נאך ארום; דא רוהען זיי שוין אין ווייסען נישט פון קיין צרות, און דארט ווערען זיי נאך פערשווארצט — און מי יודע וויפיעל ס'איז זיי נאך בעשערט אבקומען און מוטשען זיך אויף דער וועלט!...

געטראפען האב איך דארטען טטליכע ווייבער ליגען אויף די קברים וויינען שרייען און טענען זיך אויס אויף א קול. איינע וועקט די מאמען זי זאל אויפשטעהן און א קוק טהון אויף איהר איין און איינציגע טאכטער, וואס פון איהר איז געווארען!

— זאלסט אויפשטעהן, מאמעניו טהייערע מיינע, הארציגע געטרייהע, און א קוק טהון אויף דיין איין און א איינציגע בת יחידה, אויף דיין ציטעריגער שרה פעריל, וואס זי איז געווען ביי דיר דאס שווארצאפעל פונ'ם אויג ווי אזוי זי ליגט איצט אין דער ערד, אוי וועה איז מיר, וואלגערט זיך אין שכנות מיט קליינע קינדער פיסקליאטעס, וואס געהען נאקט, קיין העמדעלי אויפ'ן לייב, ווארום ער קרייינקט כסדר, ישראליק דיינער, פון זינט ער האט זיך צונעקיהלט דעמאלט אויפ'ן יריד, קריינקט ער און דאקטערט זיך, מע בעדארף איהם געבען מילך איז ניטא! און די קינדערליך נעבאך שרייען אויך "מאני", און ס'איז ניטא! און דירה געלט מאנט מיך הענזיל דער שניידער, ביי איהם זיץ איך היינט, און ס'איז ניטא! און פאר הערשעלין שכר למוד, ער ווערט היינטיגם יאהר בר מצוה, דארף מען

אויסגעוואַקסען און בעלייכטעט דעם דונקעלען יודישען הימעל. פשוט צעהנדליגע, הונדערטע לעבעדיגע ראיות קען מען ברייננגען, כדי צו ווייזען, אַז די מיינונג נאַרדויס איז פון גרונד אויס פאַלש. פאַר אונז על־כל־פנים, רוסישע יודען, בלייבט מעהר ניט איבער ווי אַ קוועטש צו טהון מיט די פלייצעס און זיך זאָגען: אַט אַזוי מוזען זיך דערערדען אַלע די, וואָס נעהמען זיך אָן צו רעדען פון וואָס מען וויל, איבער וואָס מען פערלאַנגט פון זיי, און פרעגען ניט פריהער זיך אַליין, צי קענען זיי חאָטש וויפיעל ס'איז דעם ענין, איבער וועלכען זיי רעדען...

פונקט מיט אַזאַ טיעפער קענטנים רעדט נאַרדוי פון דער ערציהונג. דעם פונקט האָט ער קורץ בעהאַנדעלט: „אַז מיר וואָלטען געהאַט געלד, וואָלטען מיר געהאַט גוטע שולען; כל זמן מיר האָבען אָבער קיין געלד ניט, קען מען פון קיין בעסערע שולען ניט רעדען.

איך ווייס ניט, אויב דער, וואָס איז בעקאַנט מיט יודישע חדרים און תלמוד־תורה'ס, קען דאָס זאָגען. יעדער יודען קאָסט אָב שכר למוד, על פי רוב, פיעל מעהר ווי ס'קאָסט צו געבען אַ קינד אין אַ גוט איינגעאָרדנעטע שולע. אונזערע אומגליקליכע תלמוד־תורה'ס קאָסטען אָב אַזוי פיעל, וויפיעל ס'וואָלטען נעדאַרפט קאָסטען גוטע שולען. אין די מותרות פון די קאַראָבקעס איז אויך דאָ גענוג געלד, וועלכע מען קען גרינג בענוטצען אויף צו מאַכען גוטע יודישע שולען. דאָ איז דער חסרון ניט אין געלד, נאָר אין דער ווילדקייט, פערשלאָפענקייט און קאַלטבלוטיגקייט פון אונזערע קהלות. ס'פעהלט נור אָרדנונג אין די קהלות און אין דער ערציהונג. וואָלט די ערציהונג געלעגען אין גוטע קהל'שע הענד און ניט אין די הענד פון יעדער „בעל־הבית", וואָס מיינט אַז אויף זיין קינד איז ער אַ בעל־דעה, און אויף ערציהונג אַ מבין, וואָלטען מיר געקענט האָבען זעהר גוטע, יודישע און מענשליכע שולען.

נאָר פון וואַנען זאָל עס נאַרדוי אַלצדינג וויסען?

דאָס אייגענע איז מיט זיין עצה, אַז יודען זאָלען ניט געהן קיין אַמעריקא און קיין לאָנדאָן זיך לערנען שניידעריי און שוסטעריי, נאָר זיי זאָלען זיך עס לערנען אין לאָדז און אין ביאַליסטאָק. אַי, דאָרט דאַרף מען זייער אַרבייט ניט, וועלען זיי זייער פאַרטיגע סחורה שיקען אַנדערש וואוהין, דאָס הייסט: קיין ענגלאַנד און קיין אַמעריקא. ד״ר נאַרדוי האָט אָבער פערגעסען, אַז עס עקסיסטירען געוויסע טאַריפען, וועלכע לאָזען ניט מאַכען דאָס שיקעכטס „פריי ווי לופט און ווי וואַסער"; אַז די שניידעריי און שוסטעריי־פּראָדוקטען זענען אין אַמעריקא און אין ענגלאַנד, מעהרסטענטיילס, עקספּאָרט־אַרטיקעל, און רוסלאַנד קען אין די זאַכען מיט ענגלאַנד און אַמעריקא אָדער דייטשלאַנד ניט קאָנקורירען. נאָך מעהר, מיר ווייסען גאַנץ גוט, אַז פיעל, צום ביישפיעל, אין פוטערוואַרג ווערט געשיקט פון רוסלאַנד קיין אויסלאַנד אויסצואַרבייטען, און נאָכדעם געהען די האַלב־פאַבריקאַטען קיין רוסלאַנד צוריק. היתכן, אַז מען זאָל נאָכדעם קענען די סחורה, וואָס מען וועט דאָ מאַכען, ווידער צוריק פערקויפען אין אויסלאַנד, און נאָך מיט פערדינסט?

געוויס ניט. אַי ד״ר נאַרדוי? ער האָט זיך גלאַט גערעדט אין דער וועלט אַריין. —

ווי שטאַרק מיר זאָלען ניט עהרען דעם ד״ר נאַרדוי, מוזען מיר דאָך ליידער מודה זיין, אַז זיין גאַנצע רעדע איז ניט מעהר ווי אַ גלענצענדער נאַרדוי'שער פעליעטאָן.

היינט וואָס זאָלען מיר שוין רעדען פון די איבריגע רעפעראַטען?

מאָנטעפיאָרע'ס רעפעראַט איז מעהר ניט געווען ווי „השתפכות הנפש". ער האָט אויסגעגאָסען זיינע געפיהלען און דערצעהלט פון זיינע סימפּאַטיען, וועלכע אינטערעסירען באמת קיינעם ניט. אודאי איז ער אַ אָנגעלייגטער ציוניסט. געוויס פרעהען זיך פיעל דערמיט, וואָס זיי זעהען משה מאָנטעפיאָרעס אַ לייבליכען קרוב אין זייער מיט, אָבער דערפאַר זיך נעהמען דאָס רעכט, אויף יעדען קאָנגרעס צו פערנעהמען אַ שטיק צייט מיט פוסטע רייד, איז כ'לעבען אַביסיל צו פיעל.

בעסער איז געווען דער רעפעראַט פון דאָקטאָר מאַזעס. מיר זענען אפילו פון איהם אויך ניט קליגער געוואָרען, אפילו אויף איין האָר. די אַלע פינסטערע פראַגען אין יודישען לעבען זענען נאָך זיין

---

צאָהלען נאָך פאַר יענעם זמן, און ס'איז ניטאָ! צו וואָס מע נעמט זיך איז ניטאָ, ניטאָ און ניטאָ!...

די אַנדערע איז געקומען צום טאַטען אויפ'ן קבר זיך קלאָגען אויף איהר מאַן, וואָס מע האָט איהר געגעבען, מע האָט געמיינט איין אַנטיק, אַ צאַצקעלע האָט מען געזאָגט. אַלע מיידליך האָבען איהר דענסמאָל מקנא געווען. צום סוף לאָזט זיך אויס אַז ער איז נאָר אַ שאַרלאַטאַן, איין אויסברייננגער, פערגינט זיך אַוועק געבען היינטיגען יום־טוב פאַר מפטיר פינף און פופציג „גילדון", און פאַרן ערשטען פסוק פון „אתה הראית" איז ער אַ בעלן געווען אַבצאָהלען פאַראַיאָהרען אַ דרייעריל! און וויפיעל ברייננגט ער אויס אויף די ביכליך, וואָס ער קויפט אַלע מאָל, פאַר די ביכליך וועט ער אַוועקגעבען דעם טאַטען מיט דער מאַמען, און וואָס איך קריינק און דאַר — דאָס אַרט איהם ניט!...

די דריטע איז געקומען אָבגעבען מול טוב איהר מאַן אויף יענער וועלט, זי מאַכט חתונה דאָס ערשטע קינד - און האָט נישט מיט וואָס, אפילו דאָס ערשטע האַלב נדן, וואָס זי האָט צוגעזאָגט איינלייגען, האָט זי נאָך אויך ניט איינגעלייגט, קיין העמד נישט אויפ'ן לייב, קיין פאָר שיך אפילו, און ווער הערט פון חתונה הוצאות, כלי־זמר, סאַרווערס. דאָס יענץ, — וואו וועט זי דאָס נעמען?... דער קאָפּ ווערט איהר שיער ניט צופאַלען, טאָמער חלילה, ווערט איהר אויס שידוך — וואָס וועט זי טהון?...

און אַזוי אַלע איבעריגע ווייבער וויינען און בעקלאָגען זיך אויף זייערע צרות, ניסען אויס זייער ביטער האַרץ דורך טרעהרען, רעדען זיך אויס אַ ביסיל מיט ווייערע ליעבע און געטרייהע, טאָמער וועט ווערען חאָטש אַביסיל גרינגער אויף דער נשמה, און אַז מע וויינט זיך גוט אויס ווערט טאַקי גרינגער...

איך דרעה מיך אַרום צווישען די אַלטע האַלב־איינגעפאַלענע קברים, לייען די אַלטע איינגעבויגענע אָבגעריבענע מצבות, דערזעהט מיך פון דערווייטען רב אריה דער קברות־מאַן מיט דער לאַנגער פלאַקסענער באָרד און מיט די רויטע אויגען און פרעגט מיך:

— צו וועמען דאַרפט איהר?

רב אריה איז שוין אַזוי אַלט, אַז קיינער ווייס ניט זיינע יאָהרען און ער אַליין אויך ניט. פון דעסטוועגען האַלט ער זיך ריין און ציכטיג, די שטיוועליך אויסגעפוצט, די באָרד צעקעמט איטליכס הערל בעזונדער און היט זיך אָב ווי אַ ציטעריגער בן יחיד ביי דער מאַמע, עסט נור ווייכע זאַכען און טרינקען טרינקט ער אַלע פריהמאָרגען געקאָכטע קרייטער מיט קאַנדעלצוקער. „ס'איז איהם גוט ווי די וועלט"! — זאָגט מען אויף איהם אין כתריליווקע, און מע איז איהם באמת מקנא.

— שלום עליכם, רב אריה, וואָס מאַכט אַ יוד? — רוף איך מיך אָן און געה צו צו איהם נאָהענט. ס'איז פאַרנאַכט, די זון האַלט ביי אונטערגעהן און בעגילט די שפיץ קברים. רב אריה פערשטעלט זיך מיט דער האַנד, בעטראַכט מיך מיט די רויטע אויגען, גלעט די באָרד און קוקט זיך איין.

— ווער זענט איהר און צו וועמען דאַרפט איהר?

איך זאָג איהם, ווער איך בין און צו וועמען איך דאַרף. דערקענט מיך רב אריה און גיט מיר אָב שלום און שאַמקעט מיט די ליפּען, רעדט מיט אַ פייף:

רעפעראט ווי פאר איהם, פינסטער געבליבען. זיינע "פּ־איעקטען": נוטע וואהנונגען צו בויען, קינדער־גערטנער צו מאכען א. ד. ג. זענען לחלוטין ניט ניי, אויב מיר האבען זיי נאך ביז איצט ניט, איז אסור ניט דערפאר וואס מיר האבען ניט געפיהלט, אז מען דארף זיי... נאר פון זיין רעפעראט האבען מיר האטש ארויסגעזעהן, אז ער האט זיך וויפיעל ס'איז בעמיהט נאכצוטראכטען איבער דעם עקאנאמישען און קערפערליכען צושטאנד פון יודישען פאלק, א' ס'האט זיך איהם ניט איינגעגעבען, איז ער ניט שולדיג; דער גוטער ווילען איז אויך אמאל א גענוג וויכטיגע סבה צו ענטשולדיגען...

צו די רעפעראטען, וועלכע געהערען ניט צו דער ארבייט פון קאנגרעס, דארף מען נאך צורעכנען דעם רעפעראט פון סאקאלאוו "איבער יודישער וויסענשאפט" און פון בובער "איבער יודישע קונסט".ביידע זענען געווען געלונגען.

איבער אלע איבריגע רעדען, ווי צום ביישפיעל: ד"ר הערצעלס; רעכנונגען פון אקציאנס קאמיטעט, ארגאניזאציאן, נאציאנאל־פאנד א. ד. ג. איז דא ניטא וואס צו רעדען. איבער זיי איז גענוג גערעדט געווארען אויפ'ן קאנגרעס. די פערשידענע מיינונגען איבער זיי האב איך פריהער איבערגעגעבען.

בסך־הכל האט מען זיך אנגעהערט אויפ'ן קאנגרעס א סך פוסטע רעפעראטען — מיר זענען שוין אבער אויף אלע מאל פטור פון זיי; מעהר וועט שוין דער וויענער אקציאנס־קאמיטעט ניט זוכען אזא פוילע מאטעריאל אויף צו פערשטאפען די לעכער פון קאנגרעס. וואס ווייטער, וועלען מיר אליך מעהר ארבייט האבען און נור ווענען א־בייט וועלען מיר דארט רעדען. מיר האבען איצטער די באנק, דעם נאציאנאל־פאנד, די נייע ארגאניזאציע. מיר האפען אויף נוטע פארטשריטע אין פאליטישען ציוניזם — דאס אליך וועט אונז נעבען גענוג פרישע ארבייט ווי אין דער צייט צווישען די קאנגרעסען, אזוי אויך אויף די קאנגרעסען אליין.

בערן. ——— ש. ראזענפעלד.

## כַּרְמֶל אין טערקיי.

דער וויינפערקויף פון ארץ־ישראלדיגען וויין האט זיך ערשט אנגעהויבען פערשטארקען, זינט עס איז נעגרינדעט געווארען די אקציען־געזעלשאפט כַּרְמֶל. פריהער ווי אומעטום האט מען גערופט איינפיהרען דעם האנדעל פון פאלעסטינער וויין אין רוסלאנד. איידער כרמל איז געגרינדעט געווארען, איז דער וויינהענדלער קעמפנער פון ווארשוי געוועזען דער ערשטער, וואס האט אויסגעשריבען וויין פון ארץ ישראל. זיין ערשטען טראנספארט וויין האט ער גיך פערקויפט, אבער מיט זיין צווייטען טראנספארט האט ער זיך שוין לאנג געמוזט האלטען. ניט בעסער איז נעגאנגען דער האנדעל, וועלכען עס האט נערופט איינפיהרען דער בעקאנטער חובב ציון עפשטיין אין אדעס. וועגען דער שלעכטער ארגאניזאציע, וואס איז געווען אין דעם האנדעל פון פריוואטמענשען, און וועגען דעם קנאפען גלויבען, וואס מען האט געהאט, אז דער וויין איז באמת ריין און ניט געמישט, האט זיך דער האנדעל מיט דעם פאלעסטינער וויין ניט געקענט פערגרעסערן. אנדערש איז עס געווארען ערשט מיט דער גרינדונג פון דער געזעלשאפט כרמל. א דאנק דער גוטער איינארדנונג פון האנדעל און דעם צוטרוי, וואס מען האט געהאט אומעטום צו דער געזעלשאפט, האט כרמל גלייך אנגעהויבען צו פערקויפען אין רוסלאנד פיעל וויין. א דאנק כרמל איז רוסלאנד גיך בעקאנט געווארען מיט די גוטע מעלות פון דעם פאלעסטינער וויין, וועלכער האט איצט נעקראגען פיעל קונים ווי צווישען יודען, אזוי אויך צווישען קריסטען. אין רוסלאנד, וואו דער פערקויף שטייגט פון יאהר צו יאהר ווערט אבער, נאך עד היום פערקויפט נור א גאנץ קליינער טהייל פון דעם וויין, וואס ווערט אויסנעארבעט אין די יודישע קאלאניעס. די געזעלשאפט כרמל האט דערום אנגעהויבען צו זוכען נייע מערק פאר אינזער וויין. זי האט געעפענט איין גרויסען סקלאד פון ארץ־ישראל־וויין אין האמבורג און האט געגרינדעט איין אקציענגעזעלשאפט אונטער דעמזעלבען נאמען כרמל אין אמעריקא.

— א? ביזט דו דאס? געקענט דעם טאטען דיינעם, און דעם זיידען רב וועוויק נאך, געווען א טייערער יוד, און דעם פעטער פיני, אויך געווען א שענער יוד, און דער פעטער בערקע ליגט אויך דא ביי מיר, און די מוהמע חנה, — אלע געקענט, אלע געשטארבען, אלע פיינסטע מענשען אויסגעשטארבען, נישט געבליבען איינער א רעכטער, מיינע אויך אוועק געשטארבען (ער טהוט א זיפץ און א מאך מיט דער האנד). פריהער די קינדער בעגראבען, אלע קינדער בעגראבען, נאכדעם איז זי אליין אוועק־געשטארבען, געווען א צדקית מיר צו לייגערע יאהר מיך געלאזט אליין, אויף דער עלטער נישט גוט.

— נישט גוט? — פרעג איך איהם.

— נישט גוט — מאכט ער — נישט גוט, נישטא קיין מתים.

— נישטא קיין מתים? — זאג איך.

— נישטא קיין מתים — זאגט ער.

— מע האט אויפגעהערט — זאג איך — שטארבען ביי אייך אין כתריליווקע?

— וואס איז שייך שטארבען? — זאגט ער — שטארבען שטארבט מען, נאר וואס? קליינווארג, נפליך, אדער קבצנים; וואס האט מען פון זיי? צענויפנעמען אויף תכריכים, נאכ'ן ערשטען קדיש שענקען די יתומים א שטיקיל ברויט, וואס זאל מען טהון? א ברירה האט מען? אט ליגען ווייבער אויסגעצויגען ווי די שררה'טעס אויף די קברים, וואס האט מען פון זיי! וויינען זיך אן ווי די פויקען? וואס ארט דאס זיי? עס קאסט זיי געלד? געח פיהר זיי, וויין זיי, וואו ליגט דער טאטע, וואו ליגט די מאמע? וואו ליגט דער פעטער, וואו ליגט די מוהמע? זייער טאטענס משרת! עס מאכט זיך איינע וויינט אזוי לאנג, ביז זי פאלט גאר חלשות, בעדארף מען זי נאך מונטערען, געבען א טרונק־וואסער, און א מאל א שטיקיל ברויט אויך. פון וואנען? פון וואס? די גרויסע מחיה? אז קיין מתים איז נישטא, און לעבען דארף מען, און תתונה מאכען איין אייניקיל א יתומה'לי שוין א מיידיל אין די יאהרען, דארף מען אויך, און קיין מתים איז ניטא! נישטא האטש לייג זיך און שטארב! געווען א חתן, שוין כמעט געהאלטען ביי שדוך טהון, דוקא ניש־קשה פון א יונגענמאן, א פאקענטרעגער, איין אלמן אפילו, מיט קינדער עטליכע, נאר א בעל פרנסה, א שענער פערדינער, דאס הייסט, אז ער לייזט, פערדינט ער. חתן־כלה זיך שוין אפילו אנגעקוקט אויך; געקומען צו עפ"ס, שוין געהאלטען ביי תנאים שרייבען, זאגט ער:

"נו, און מכח נדן?" זאג איך: — וואסער נדן? זאגט ער: "מע האט דאך מיר געזאגט, אז איהר גיט א פיפציגער נדן". זאג איך: — אלע בייזע חלומות אויף מיינע שונאים'ס קעפ! א פיפציגער? ווי קומט צו מיר פיפציגערם? איך וועל געהן גנבהנען, צי אויסגראבען פרעמדע תכריכים און פערקויפען?... הקצור הדבר דער שדוך איז געווארען אויס שדוך. און געהרעד מיט זיי, מט די כתריליווקער בעלי־בתים, זענען זיי נאך גערעכט; זיי זאגען: "רב אריה, איהר זינדיגט, איהר האט קיין עין הרע א פרנסה אין האנד... א שענע פרנסה! אז וואו ס'איז געווען ערגיץ א לייטישער מת, א פיינער מענש, א שטיקיל נגיד, איז ער שוין לאנג געשטארבען, און קיין פרישע קומען נישט צו, נישטא קיין מֵתִים!



נאָר דאָס איז נאָך אַלץ וועניג. און די קעלערן פון אונזערע קאָלאָניעס בלייבען נאָך אַלץ ליגען פיעל וויין, וועלכער האָט קיין קונים ניט. עס מוזען דערום אויסגעזוכט ווערען נייע מערק. אַזוינע מערק, וואו אונזער וויין קען גרינג צוגעשטעלט ווערען און פיעל פערקויפט ווערען, זענען אויך פאַרהאַן. מען דאַרף זיי אויך ווייט ניט זוכען: זיי ליגען גאַניץ נאָהענט פון ארץ ישראל. אין סמירנאַ, בירוט, דַמֶשֶק, קאָנסטאַנטינאָפעל, אין קאַירא און אַלעקסאַנדריען פון מצרים איז פאַרהאַן אַ גרויסע קריסטליכע בעפעלקערונג, וועלכע פערברויכט פיעל וויין, וואָס ווערט צו ליעב זיי אַריינגעבראַכט פון פערשידענע אייראָפעאישע לענדער. פאַלעסטינא איז צו די אַלע מקומות נעהנטער ווי פראַנקרייך, איטאַליען און עסטרייך, און דער פאַלעסטינער וויין, וואָס צייכענט זיך אויס מיט זיינע גוטע מעלות, וואָלט דאָרטען גרינג געקאָנט קאָנקורירען מיט די אייראָפעאישע וויינען. דערום וואָלט עס געווען זעהר ניצליך, אַז אין די אַלע גרויסע מזרח־שטעדט זאָלען געגרינדעט ווערען געשעפטען צו פערקויפען ארץ ישראל־וויין. דעם באַראָן ראָטשילדס אדמיניסטראַציע האָט געפרופט עפענען געשעפטען אין ביירוט, סמירנאַ, קאָנסטאַנטינאָפעל און אַלעקסאַנדריען, נאָר די געשעפטען זענען אין ערגיץ ניט גוט געגאַנגען. אָבער עס שטעלט זיך איצט אַרויס, אַז אין דעם זענען געווען שולדיג ניט די תנאים פון האַנדעל און ניט די ארץ ישראל׳דיגע וויינען, נאָר די שלעכטע הנהגה פון די געשעפטען. ווי וועניג ראָטשילדס אַדמיניסטראַציע האָט פערשטאַנען צו פיהרען דעם האַנדעל מיט דעם וויין, זעהט מען אַרויס בעשיינפערליך פון דעם האַנדעל אין אַלעקסאַנדריען. בעת דאָס געשעפט איז דאָרטען געווען אין די הענד פון דער אַדמיניסטראַציע, איז עס געגאַנגען שלעכט, און ווי נור מען האָט עס איבערגעבען אַ פריוואַטמענשען, האָט ער אָנגעהויבען פון דעם האַנדעל גאַניץ גוט צו פערדינען און איצט ווערט פערקויפט אין דער איין שטאָדט אַלעקסאַנדריען אַזוי פיעל פאַלעסטינער וויין ווי אין גאַניץ רוסלאַנד.

דאָס ביישפיעל מיט אַלעקסאַנדריען ווייזט אונז גענוג קלאָר, ווי אַזוי עס ווערען געפיהרט אַלע אונזערע ענינים דורך די אַדמיניסטראַציע פון דעם באַראָן ראָטשילד אָדער פון דער חברה יק״א. אַזוי ווי עס איז מיט דעם האַנדעל פון ארץ ישראל וויין אין אַלעקסאַנדריען, אַזוי איז עס מסתמא אויך אין אַנדערע ערטער. די קלינערע קאָלאָניסטען פון ארץ ישראל זעהען דאָס גאַניץ גוט און פערלאַנגען שוין פון לאַנג, אַז עס זאָל מעהר געזאָרגט ווערען פאַר דעם האַנדעל מיט זייער וויין אין די שטעדט אַרום ארץ ישראל. יק״א האָט ניט לאַנג אַרויסגעשיקט אין די מזרח־שטעדט איין אַגענטען צו פערקויפען פאַלעסטינער וויין און קאָניאַק, אָבער דער אַגענט האָט אויך ניט פיעל אויפגעטהון. מיט דער פראַגע פון דעם האַנדעל אין מזרח האָט זיך פעראינטערעסירט די געזעלשאַפט כרמל, און זי האָט גלייך פון אָנהויב אָן אַרויסגעוויזען אַ טיפערען קוק ווי יק״א. זי האָט אַרויסגעשיקט אַ געניטען מענשען אויסצופאָרשען די לאַגע פון דעם וויינהאַנדעל אין די פערשידענע גרויסע שטעדט אין דער סביבה פון ארץ ישראל. די חקירה האָט אַרויסגעוויזען אויף קלאָר, אַז ביי אַ גוטע אָרגאַניזאַציע קען דער ארץ ישראל וויין געפינען אַ גרויסען אַבזאַטץ אין אַלע גרויסע שטערט פון טערקיי און מצרים. געשטיצט אויף גרינדליכע חקירות פון דעם געניטען משולח, האָט כרמל פאָרגעשלאַגען דער חברה יק״א אין פאַריז צו גרינדען צוזאַמען איין אַקציענגעזעלשאַפט פאַר דעם האַנדעל מיט פאַלעסטינער וויין אין מזרח. יק״א האָט איינגעשטימט און איבערגעגעבען דער הנהגה פון כרמל אויסצואַרבייטען איין פראָיעקט פון דער נייער געזעלשאַפט. ביי די פערהאַנדלונגען מיט יק״א האָט כרמל אַרויסגעשטעלט די פאָדערונג, אין הסכם מיט דעם פאַר אַ יאָהריגען בעשלוס פון די חובבי ציון אין אָדעס — אַז די קאָלאָניסטען זאָלען צוגעצויגען ווערען צום געשעפט און אַז זיי זאָלען האָבען אַ גלייכע דעה מיט יק״א און מיט די פערטרעטער פון דער געזעלשאַפט כרמל. די פאָדערונג פון כרמל איז אָנגענומען געוואָרען, און מיט דעם איז דורך די הילף פון כרמל געמאַכט געוואָרען דער ערשטער טריט פאַר די גרעסערע זעלבסטשטענדיגקייט פון אונזערע קאָלאָניסטען. די אַלע דריי טהיילען, וועלכע וועלען האָבען אַ גלייכע דעה אין דער הנהגה פון דער געזעלשאַפט, דאַרפען זיך אָבער אויך בעטהייליגען אין דעם צונויפבריינגען פון דעם נויטהיגען קאַפיטאַל. אויף דאָס געשעפט ווערט בעשטימט 200 טויזענד פראַנק, אַ העלפט פון דעם גיט יק״א, אַ פיערט חלק רוסלאַנד און דעם לעצטען פיערט־חלק דאַרפען געבען די קאָלאָניסטען אין ארץ ישראל. די געזעלשאַפט לאָזט אַרויס 800 אַקציעס צו 250 פראַנק איין אַקציע. אין ארץ ישראל זענען שוין אַנ׳ערך פון 100 אַקציעס פערקויפט געוואָרען, אין רוסלאַנד וועלען געוויס די אַקציעס ניט לאַנג דאַרפען וואַרטען אויף בעלנים. די גוטע הנהגה פון כרמל לאָזט האָפען אַז די געזעלשאַפט וועט אויך אין מזרח מאַכען ניט קיין ערגערע געשעפטען ווי אין רוסלאַנד. אַלענפאַלס קען די נייע געזעלשאַפט בריינגען אַ גרויסען נוצען דער יודישער קאָלאָניזאַציע אין ארץ ישראל. דאָס אַליין דאַרף שוין זיין גענוג, אַז מען זאָל אָננעהמען איהר אַרבייט מיט גרעסטען דאַנק.

N.

## פאָליטישע איבערזיכט.

דער ענגליש־יאַפּאַנישער בונד.— די מלחמה אין אפריקא.— די טאַריפען.— די פוילישע פראַגע אין פרייסען.

אין דעם ווייטען מזרח טרעט וואָס ווייטער אַלץ קלאָרער אַרויס איין אַזיאַטישעס פאָלק, וואָס האָט אָנגענומען די אייראָפעאישע בילדונג און אָנגעהויבען צו שפּיעלען אַ ראָליע אין דער וועלטפּאָליטיק. מיר רעדען וועגען יאַפּאַן. מיט 7 יאָהר צוריק האָט יאַפּאַן גובר געווען אין דער מלחמה דאָס גרויסע און שטאַרק בעפעלקערטע חינא, אָבער רוסלאַנד האָט איהר דאַן ניט דערלאָזען אויסניטצען די פרוכט פון איהר נצחון. פון דעמאָלט אָן שטעהען רוסלאַנד און יאַפּאַן ווי שונאים אין זייער פּאָליטיק, רוסלאַנד וויל ניט דערלאָזען, אַז יאַפּאַן זאָל שטאַרק ווערען ביי איהרע גרענעצען אין דעם ווייטען מזרח, און דערפאַר שטערט אויך יאַפּאַן די רוסישע פּאָליטיק אין קאָרעאַ און אין חינא. די אינטערעסען פון דיביידע מלוכות זענען פערשידען. רוסלאַנד מיט איהרע גרויסע סיבירישע באַהנען מוז זיך דורכשלאָגען אַ וועג ביז צום ים (דעם גרויסען אָצעאַן), אָבער דאָ זענען איהר געשטאַנען אין וועג דאָס חינעזישע מאַנדזשוריען און די מלוכה קאָרעאַ. דורך אַ בעזונדער קאָנטראַקט מיט חינא האָט רוסלאַנד אָנגעהויבען בויען אין מאַנדזשוריען אייזענבאַהנען און נאָך דער מלחמה מיט חינא האָלט רוסלאַנד נאָך גאַניץ מאַנדזשוריען בעזעצט מיט איהר חיל. רוסלאַנד איז שוין געווען נאָהענט צו דער דערגרייכונג פון איהר ציעל, אָבער דאָ איז צו יאַפּאַן צוגעשטאַנען די ענגלישע רעגירונג, וואָס איז פון תמיד אָן געגען רוסלאַנדס פּאָליטיק אין די מזרח־לענדער. גאַניץ אומגערעכט איז איצט געקומען די ידיעה, אַז ענגלאַנד און יאַפּאַן האָבען געשלאָסען איין בונד. דער צוועק פון דעם בונד איז אָבצוהיטען די גאַנצקייט און זעלבסשטענדיגקייט פון

חינא און קארעא. ביידע מלוכות דארפֿען צוזאמען אבהיטען זייערע אינטערעסען אין מזרח און זיך אננעהמען פֿאר די אינטערעסען פֿון זייערע אונטערטהאנען. אין פֿאל פֿון א מלחמה, פֿון צוויי מלוכות נעגען איינע פֿון די פֿעראייניגטע מלוכות, דארפֿען זיי איינע דער אנדערער קומען צו הילף. דער בונד איז געשלאסען דערוויל אויף 5 יאהר.

דער ענגליש־יאפאנישער בונד איז זעהר וויכטיג. ער וועט אין גאנצען פֿערענדערן די פּאליטישע לאגע אין דעם וויטען מזרח. ענגלאנד, וואס איז צוליעב דער בוירישער מלחמה געשטאנען די לעצטע צוויי יאהר אין שאטען ביי די וויכטיגע פּאליטישע פֿראגען, וועט זיך איצט ווידער ארויסרוקען פֿון פֿארענט. אין וויטען מזרח וועט ענגלאנד צוריק קריגען א גרעסערע דעה. וויסענדיג אז איהר ווארט איז בעקרעפֿטיגט דורך יאפאן, וואס האט א גרויסען חיל און א שטארקען פֿלאט, וועלען זיך די איבריגע מלוכות איצט ווידער מוזען אנהויבען רעכנען מיט ענגלאנדס פֿערלאנג. דער בונד צווישען ענגלאנד און יאפאן איז שטארק דורך דעם, דאס ער איז ניט געקינצעלט, נאר אויפֿגעבויט אויף די אינטערעסען פֿון די ביידע מלוכות. דורך דעם בונד וועט אויך חינא איצט אויפֿהויבען איהר קאפּ און שטארקער ווערען ביי זיך, וויסענדיג, אז די גאנצקייט און זעלבסשטענדיגקייט פֿון איהר מלוכה ווערט אבנעהיט פֿון צוויי גרויסע און שטארקע מלוכות. מען האט א טעות, ווען מען מיינט, אז די מלחמה אין אפֿריקא האט ארויסגעוויזען ענגלאנד'ס שוואכקייט. ענגלאנד'ס חיל איז נור שוואך אויף דער יבשה, אבער אויפֿ'ן ים איז ענגלאנד די שטארקסטע מלוכה פֿון דער וועלט. ענגלאנד'ס פֿלאט איז שטארקער פֿאר די פֿלאטען פֿון רוסלאנד און פֿראנקרייך אין איינעם. אויפֿ'ן ים איז אויך איצט ענגלאנד די הערשערין, ווי פֿאר דער מלחמה מיט די בוירען.

דער ענגליש־יאפאנישער בונד וועט צוגעבען ענגלאנד מעהר בטחון אין זיך און זי וועט איצט מסתמא זיך ניט אזוי איילען צו מאכען שלום מיט די בורען, בפרט נאך אז די קראפֿט פֿון דעם בוירישען חיל ווערט וואס ווייטער אלץ מעהר צושמאלצען. דער ענגלישער גענעראל קיטשענער האט ארומגערינגעלט דעוועטען פֿון אלע זייטען און עס איז שוין נעווען ביי איהם זיכער, אז ער האלט איהם אין זיינע הענד. נאר דער בעהארצטער דעוועט איז ניט אראבגעפאלען ביי זיך און האט זיך דורכגעריסען מיט זיין חיל דורך די ענגלישע קייט. אבער טהייער האט געקאסט דעוועטען זיין בעפֿרייאונג. 283 מאן האט ער פֿערלארען פֿון זיין קליינעם חיל. ביי דער מלחמה אין אפֿריקא, וואו יעדער איינציגער מאן איז וויכטיג, איז אזא מפּלה א גרויסער קלאפּ פֿאר די בוירען.

דער ענגליש־יאפאנישער בונד האט אזוי שטארק פֿעראינטערעסירט גאנץ איירא פא, אז דאס אינטערעס צו אלע אנדערע פּאליטישע פֿראגען איז שטארק אבגעשוואכט געווארען. דייטשלאנד איז נאך אלץ פֿערנומען מיט דער פֿראגע וועגען די טאריפֿען. די קאמיסיאן ארבייט פּאמעליך, אבער זי נעמט דאך אן צו ביסליכווייז דעם פּראיעקט פֿון דער רעגירונג. עס איז פֿון דעסטוועגען נאך א ספק, אויב דער פּארלאמענט וועט קענען אננעהמען די נייע טאריפֿען, דען אויב די דייטשע רעגירונג וועט אין סוף יאהר זיך ניט אבזאגען פֿון איהרע האנדעלס־קאנטראקטען, בלייבען זיי דערוויל אויף נאך איין יאהר. דערנאך אבער דארפֿען זיין אין דייטשלאנד נייע וויבארעס און דער נייער פּארלאמענט וועט גיכער זיין געגען די נייע טאריפֿען איידער פֿאר זיי.

די פּרייסישע רעגירונג האט זיך שטארק גענומען געגען די פּאליאקען אין פּאזען. דער פּרייסישער פּארלאמענט האט בעשטימט א מיליאן מארק אויף פֿערשידענע מיטלען צו פֿערשטארקען דאס דייטשטהום אין די פּוילישע מדינות. דער עיקר בעשטעהט די ארבייט דערינען, וואס די רעגירונג סטארעט זיך אנצוקויפֿען ערד אין פּאזען און צו בעזעצען דארט דייטשע קאלאניסטען. די רעגירונג שטעלט זיך ניט אב פֿאר קיין שום שוועריגקייט, זי זשאלעוועט קיין געלד ניט, אבי נור צו בעזעצען אין לאנד וואס מעהר דייטשען. די רעגירונג וועט אויך שטיצען אין די שטעדט די דייטשע בעלי מלאכות און הענדלער. זי וועט גרינדען שולען, ביבליאטהעקען, מוזעען און טהעאטערן. עס איז שווער צו גלויבען, אז די פּאליאקען וועלען גובר זיין אין דער מלחמה, וואס ווערט געפֿיהרט איצט צווישען זיי און די דייטשען. אלענפֿאלס, מוז מען מודה זיין, אז די פּאליאקען לאזען זיך ניט טרעטען אזוי ווי די יודען. זיי האבען מעהר נאציאנאלען שטאלץ, דאס אחדות און ברודערשאפֿט איז ביי זיי אויך פֿיעל שטארקער ווי ביי אונז. אייגענטליך, אזוינע צרות ווי די פּאליאקען ליידען איצט אין פּרייסען, זענען דאך פֿאר אונז נור א קינדערשפּיעל. מיר ליידען פֿיעל מעהר און מיר בלייבען גאנץ רוהיג. די פּאליאקען אבער ווייזען ארויס א שטארקערעס נאציאנאלגעפֿיהל, ווי מיר יודען. די פּאליאקען פֿון דער גאנצער וועלט זענען אויפֿגערודערט פֿון פּרייסענס פּאליטיק. די פּאליאקען אין עסטרייך און רוסלאנד פּראטעסטירען אין די שארפֿסטע ווערטער געגען פּרייסענס בעהאנדלונג. אומעטום מאכען זיך אב די פּאליאקען, אז מען זאל פֿונאנדערדרייסען יעדע האנדעלס־פֿערבינדונג מיט דייטשלאנד. פֿיעל געשעפֿטען האבען זיך אבגעזאגט צו קויפֿען פּרייסישע סחורות. אזוי ענטפֿערט א פֿאלק מיט, געזונדע געפֿיהלען אויף נאציאנאלע בעליידיגונגען. מיר אבער קענען נור קרעכצען און וויינען. י. ל.

## בריעף פֿון ארץ ישראל.

יפו 41 דעצעמבער.

די פֿאריגע וואך האבען די דייטשע קאלאניסטען פֿון שרון געקויפֿט די צווייטע פּארטיי וויין פֿון דריי הונדערט העקטאליטער אין דער קאלאניע רחובות. ווי מען פֿערזיכערט אונז, זענען דאס מאל די פּרייזען געוועזען שוין פֿיעל נידריגערע, ווי דאס ערשטע מאל און אפֿילו ביליגער ווי פֿאר די ביליגסטע סארטען פֿון די ראשון'ר קעלערס. הגם אויך איצט בלייבען נאך אלץ פֿאר די טרויבען פֿיעל העכערע פּרייזען ווי די, וואס דער קעלער צאהלט, דאך דער פֿאקט, וואס די דייטשען בענוצען זיך מיט דער לאגע פֿון אונזערע קאלאניסטען און ווארפֿען די פּרייזען און דאס די קאלאניסטען זענען געצוואונגען דאס צו טהון, דער פֿאקט אליין ברייננט שוין צו טרויעריגע מחשבות אויף שפּעטער. די קאלאניסטען איז ניט צו פֿערדריינקען, וואס זיי האבען זייער וויין אזוי ביליג פֿערקויפֿט, דען זיי זענען געבליבען גאר אהן געלד, און איצט קומט גראד די ארבייט־צייט, ווען געלד איז אזוי נויטהיג. די גאנצע זאך קען אבער זעהר פֿיעל ליידען דורך דעם, וואס יעדער קאלאניסט פֿערקויפֿט זיין וויין אליין. דאס יאהר האבען דערוויל נור א י י נ צ ע ל נ ע געמאכט צו ביסליך וויין — איינער אין גדרה, א פּאר אין פּתח־תקוה, איינער אין ראשון לציון און א גאנץ קליינער טהייל אין רחובות. נאר וואס וועט ווערען, ווען יעדער וועט מאכען זיין וויין בעזונדער און אז יעדער וועט זיך סטארען זיין וויין בעזונדער צו פֿערקויפֿען? ווער ווייסט, צו

וואָס פֿאַר אַ פּרייזען עס קען ברייננען אַזאַ קאָנקורענץ? קאָן דאָן דאָס ניט ברייננען צו דעם, ווי מען זאָגט, דאָס איינער וועט בעגראָבען דעם צווייטען? און דאָן איז די פֿראַגע, אויב נאָך דעם ווי אין ארץ ישראל אליין קאָן מען ניט רעכענען אויף אַ גרויסען אבזאַץ, צי וועלען די קאָלאָניסטען האָבען די מיטלען און די מעגליכקייט אליין צו פֿיהרען געשעפֿטען מיט זייער ווייִן אין חוץ־לארץ? — עס איז איצט די צייט, מען זאָל די ראָזיגע פֿראַגע גוט בעקלערען. דער פֿערקויף פֿון ווייִן טאָר בשום אופֿן ניט געפֿיהרט ווערען פֿון איטליכען בעזונדער, דער האַנדעל מוז אָרגאַניזירט ווערען. עס מוז געשאַפֿען ווערען איין אָרגאַניזאַציע מיט אַ גוטער הנהגה, מיט פֿעסטע תקנות, מיט קאַפּיטאַלען, כדי עס זאָל מעגליך זיין אויסצוהאַלטען אין אָנהויב די פֿרעמדע קאָנקורענץ. אַזוי טהוען איצט אַלע ווייִנבויער אין דייטשלאַנד, אין פֿראַנקרייך און אַנדערע לענדער, דען דאָרט וואו עס איז שווער צו שטעהן אַליין, איינציגווייז, קענען די ווייִנבויער זיך גאַנץ גוט האַלטען, ווען זייערע קרעפֿטען זענען פֿעראייניגט.

אַ ראיה פֿאַר די ריכטיגקייט פֿון אונזערע ווערטער זעהען מיר אין דעם ווייִנפֿערקויף פֿון יפו און ירושלים. אין אָנהויב האָבען אַלע קאָלאָניסטען נאָך גרויס שתדלנות ביי יק"א איבערגענומען אַליין דעם ווייִנפֿערקויף, אָבער דערנאָך זענען אַלע אָבגעפֿאַלען און עס איז נור געבליבען ראשון־לציון אַליין. עס זענען נאָך אַ פּאַר חדשים אַוועק, ווי אויך פֿון די ראשונ'ער זענען שוין פֿיעל אָבגעפֿאַלען.

דאָך איז נאָך אַ גרויסער טהייל ביי דער זאַך געבליבען אין אַרבייטען זעהר פֿעסט. און כאָטש דאָס געשעפֿט איז נאָך זעהר יונג, האָבען זיי שוין בעוויזען, דאָס זיי האָבען צוויי מאָל אַזוי פֿיעל ווייִן אָבגעזעצט ווי די אַדמיניסטראַציע, הייסט דעם וואָס זיי מאַכען אַ נאָמען דעם ראשון'ר ווייִן. — אָבער וואָס וועט זיין, ווען און יפו אָדער ירושלים וועלען זיך עפֿענען ווייִנקרעמליך נאָך און נאָך?...

טרויעריג איז ביי אונז ניט נור די עקאָנאָמישע לאַגע, נאָר אויך די גייסטיגע. דער אַלטער פֿינסטערער געשריי: "מיר דאַרפֿען ניט די די שולען מיט די לעהרער! עס זאָלען לעבען די מלמדים מיט די חדרים!" שטאַרקט זיך אין אונזערע קאָלאָניעס, אין דעם נייעם ישוב, אויף וועלכען מיר האָבען אַזוי פֿיעל געהאָפֿט! וועגען די מחלוקת'ן איבער די שולע האָט מען געהאַט אַ דין־תורה ביי דעם רב, וועלכער האָט געפּסקעט, אַז די שולע געהערט ניט צו צרכי־צבור. נאָך דעם פּסק קומט אויס אַז דער מרחץ געהערט צו צרכי צבור, און אַ שולע ניט! די מקוה איז אַ צורך־צבור, די ביבליאָטהעק ניט, אַ מלמד אַ צורך־צבור, דער "לעהרער" ניט! און נאָך דעם שלחן־ערוך וועלכען דער רב האָט אַרויסגעגעבען פֿאַר דאָס געמיינדעלעבען פֿון ראשון לציון, וועלען איצט לעבען אונזערע קאָלאָניסטען, וועלכע האָבען צוריק מיט נייִנצעהן יאָהר אויסגעשריען "בית יַעֲקֹב לְכוּ וְנֵלְכָה"! ראשון לציון, וואָס האָט ווירקליך געקענט שטאָלצירען מיט דעם, דאָס זי האָט די ע ר ש ט ע אויסגעשטעלט צוריק מיט איינינע יאָהר דעם ערשטען קינדערגאַרטען "גַן הַיְלָדִים", אום צו מאַכען אונזער אַלטע הייליגע שפּראַך פֿאַר איין לעבעדיגע ביי די קליינע קינדערליך, דאָסזעלבע ראשון לציון קאָן יעצט איינשטימען צו דעם, דאָס פֿיר דעם מרחץ מוז די געמיינדע זאָרגען און פֿאַר די שולע ניט!! די שולע איז אַ פּריוואַט־זאַך און דער כלל האָט גאָר ניט פֿאַר איהר צו זאָרגען! און נאָך דעם האָבען נאָך די קאָלאָניסטען פֿון ראשון לציון צו טהון מיט דעם כלל ישראל, וועלכער שטעלט געוויס די שולען אין אונזערע קאָלאָניעס אין ארץ ישראל העכער פֿאַר דעם מרחץ, אַ גוטען לעהרער העכער פֿאַר אַ ירושלימ'ער מלמד און אַ קליינע העברעאישע ביבליאָטהעק העכער פֿאַר איין מקוה!...

צום גליק האָבען זיך נאָך געפֿונען אין ראשון לציון איינינע צעהנדליגע פֿאַמיליען וועלכע האָבען ניט איינגעשטימט מיט דעם רב'ס מיינונג און וועלכע האָבען מיט אַלע זייערע קרעפֿטען נאָך אין דעם יאָהר ניט געלאָזט פֿאַלען ניט די שולע, ניט דעם גן־הילדים. אָבער ווער ווייס, ווי לאַנג זיי וועלען זיין אימשטאַנד דאָס אויסצוהאַלטען? איין פּרט איז דאָך ניט קיין כלל!... ביי אייך זאָרגען פֿאַר דעם חנוך די בעסטע פֿון די חובבי ציון און ציוניסטען; ווער וועט אָבער ביי אונז זאָרגען פֿאַר דעם יודישען גייסט, ווען אין די קאָלאָניעס וועלען אויפֿקומען כשר'ע מקוה'ס, פֿרומע מלמדים און דער יונגער דור וועט ווידער ערצויגען ווערען אין די פֿינסטערע חדרים, וואו די העברעישע שפּראַך ווערט כמעט אַזוי גוט ווי געראָדפֿט?...

דעם ביישפּיעל פֿון ראשון לציון האָט אויך נאָכגעטהון די קאָלאָניע רחבות. די לעצטע צייט (אויך שוין נאָך דעם פּסק פֿון ראשון) האָט דער דאָרטיגער וַעַד געמעלדעט די קאָלאָניסטען, דאָס די שולע איז ניט אַ ענין פֿון כְּלַל, דאָס זי געהערט ניט צו צָרְכֵי צִבּוּר. און יעדער האָט צוריקגענומען ביי זיינע רעכנונגען דעם איינס פּראָצענט פֿון זיין הכנסה, וועלכער ווערט שוין יאָהרען לאַנג אָבגערעכענט פֿאַר די אונטערשטיצונג פֿון דער שולע! איצט איז די שולע געבליבען הייננען אין דער לופֿטען, דען מעהר ווי די צוויי טויזענד פֿראַנק, וואָס די קאָלאָניע בעקומט פֿון דער חברה "כַּרְמֶל" האָט זיי קיין געלד ניט פֿאַר איהר קיום.

און אַזוי זינקט פֿון טאָג צו טאָג דאָס געמיינדעלעבען אין אונזערע קאָלאָניעס, אַזוי פֿאַלען צו ביסליך די בעסטע אַנשטאַלטען זייערע, אָהן וועלכע דער גאַנצער ישוב אונזערער וועט קיין ווערטה ניט האָבען! זאָלען זיך אונזערע קאָלאָניסטען דערמאָנען אין דעם הייליגען רעיון, וועלכער האָט זיי אַהער געבראַכט אין הייליגען לאַנד און צוליעב וועלכען זיי האָבען ווירקליך אַזוי פֿיעל געליטען! עס איז ניט גענוג, וואָס זיי האָבען אַרויסגעוויזען, דאָס זיי קענען זיין גוטע אַקערבויער אָדער ווייִנבערגער, נאָר זיי דאַרפֿען אויך אַרויסווייזען, דאָס זיי זענען פֿעהיג צו פֿיהרען אַ העכערעס לעבען און אָבצוהיטען דאָס אידעאַל, צו וועלכען עס שטרעבען איצט די בעסטע פֿון אונזער פֿאָלק!

ד ע ר  אַ ל ט ע ר  צ י ו נ י ס ט.

---

## יוּדִישֶׁע שְׁטֶעדְט אוּן שְׁטֶעדְטלִיךְ.

דער מסחר מיט יודען. אַ דיקער און מאָגערע. פֿערשימעלטע זאַכען. אַ פֿרעהליכער טאַנץ.

ווען מיר לעזען, אַז ערגיץ אין טיעף אַפֿריקאַ האַנדעלט מען מיט שוואַרצע מענשען, אַז מען קויפֿט און מען פֿערקויפֿט זיי, און אַז די סוחרים פֿון דער לעבעדיגער סחורה פֿערדיענען געלד — ווען מיר לייענען דאָס אַלעס, גלויבט זיך אונז ניט, אַז אַ מסחר מיט מענשען זאָל קענען פֿאָרקומען אין צוואַנציגסטען יאָהרהונדערט אפילו אין טיעף אַפֿריקאַ, דאָס ווייזט זיך אונז איצט אויס נור מעשות פֿון אַמאָליגע צייטען.

נאָר ווען מיר זעהען, ווי יאָהר יעהרליך בענעהמט מען זיך כמעט אַזוי מיט יודען, ווי יעדע שטאָדט יודען קויפֿט אַוועק איין יוד און ער, דער סוחר, וואָס קויפֿט אָב די גאַנצע שטאָדט מענשען, ווערט

אלע מאל פעטער און דיקער, און די יודישע שקלאפען, וואס ווערען פערקויפט, ווערען אלץ מאגערער און דארער, — איז דאס אזוי געוועהנליך, אזוי נאטירליך, אז מיר וואונדער־ען זיך אפילו ניט.

דאס, וואס מיר לייענען אדער הער־ען דערצעהלען פון די ווייטע לענדער מיט ווילדע מענשען, גלויבט זיך אונז ניט, דאס האלטען מיר פאר אויסגעטראכטע, שרעקליכע מעשות, און דאס וואס מיר זעהען טאג טעגליך פאר אונזערע אויגען, דאס איז פאר אונז א געוועהנליכע זאך.

אט דעם מסחר מיט מענשען אין אלע יודישע שטעדט און שטעדטליך רופען מיר עס אן מיט דעם אלטען, אלטען בעקאנטען נאמען „די טאקסע“ און די סוחרים דערפון „בעל טאקסעס“.

דאכט זיך, בעקאנטע נעמען, א יודישע זאך, מיר דארפען עסען פלייש, מוזען מיר האבען א טאקסע, מיר דארפען האבען געלד אויף שולען, תלמוד תורה׳ס און אויף אנדערע צדקה זאכען, מוזען מיר האבען קאראבקע, — וואס־זשע איז דא דער געפילדער.

א דער געפילדער איז זעהר גרויס, דאס געשריי פון די ארימע לייט געהט ביז צום הימעל, אדע־, ריכטיגער געזאגט, קיין געשריי הערט מען ניט פון די אומגליקליכע, וואס דארפען עסען די נשמה צו דערהאלטען מיט א שטיקיל „טאקסע פלייש“. זיי שרייען ניט, נאר זיי בלעקען ווי די אקסען וואס מען פיהרט צו דער שחיטה. מען הערט נור שטילע זיפצען.

אזוינע שטילע הארצרייסענדע זיפצען האב איך געהערט פון די אדעסער ארימע יודען ביי די איצטיגע נייע „טארגעס“ אויף די דארטיגע טאקסע.

ביז איצטער פלעגט מען צאהלען פאר אדעסא טאקסע 231,850 רובעל יעהרליך. שווער איז געוועזען די דארטיגע ארימע יודען צו טראגען אויף זיך אזא גרויסע סומע, מען האט געשפארט פון דעם איינענעם ביסען, אנשטאט א שטיקיל פלייש האט דער א־ימאן געסמאטשקעט א ביין.

היינט שטעלט אייך פאר, ווי די אדעסער ארימעלייט האבען ביי די היינטיגע טארגעס געציטערט ווי די לעמעליך, ווען עס האט זיך געפונען א יוד, ה׳ צימבאליסט, און געגעבען פאר די טאקסע 287,850 רובעל, דאס הייסט מיט 56 טויזענד רובעל טייערער ווי יעדעס יאהר!

דאס רחמנות איז געוועזען אזוי גרויס, אז די דארטיגע יודישע אינטעליגענץ האט געוואלט אבדינגען די טאקסע לטובת הכלל, ניט צוליעב פערדינען, נאר כדי צו קענען פערקויפען ביליגער פלייש. זיי האבען אבער געגעבען נור מיט 16 טויזענד רובל, בעת ה׳ צימבאליסט האט געגעבען מעהר מיט 56 טויזענד. עס פערשטעהט זיך אז דער וואס איז שטארקער, דער האט גובר געוועזען. ה׳ צימבאליסט האט מיט גרויס נצחון ביינעקומען, די אדעסער טאקסע איז געבליבען זיינע, אדעסער יודען מיט ווייבער און קינדער געהערען פון איצטער אן צו ה׳ צימבאליסטען.

צו איהם וועט מען זיך פון איצט אן ווענדען יעדען פרייטאג מיט געבעטען און בקשות.

— מעהר א שטיקילע פלייש אויף שבת, ווינציגער א ביין, בעסטער הארר צימבאליסט!

— א ווייטיל, חאטש א אונטערשט, נור ניט קיין ביין!

— גאט אייך מיין בעסטער הארר, מיין כשר׳ען גראשען, גאט מיר ניט קיין הארטען ביין, חאטש א ווייכען מיט א שטיקעלע פלייש.

נאר עס פרעגט זיך, — ווי ה׳ צימבאליסט׳ס הארץ זאל זיך ניט צורייסען פון גוטסקייט פון די יודישע בקשות — וואס קען ער נעביך טהון, אז ער דארף יעדעס יאהר ארויסנעהמען 287,850 רובעל און דערצו איז ה׳ צימבאליסט אויך א יוד, וואס דארף האבען פרנסה און וואס דארף מפרנס זיין, זיין ווייב און קינדער. היינט וואו זאל ער דאס אייך נעהמען פלייש? פון אזא גרויסער סומע טאקסע געלד ווי 287,850 רובל קענען אפילו קיין לייטישע ביינער ניט אנקומען די אדעסער יודען פאר זייער כשר׳ען גראשען.

ה׳ צימבאליסט איז א יוד, „קאטארי וועלכער“ ווייס, וואס הייסט יודיש פלייש. די יודען אין קישינעוו, קיעוו און בערדיטשעוו געהערען אויך צו איהם, די דריי טאקסעס פון די דאזיגע דריי גרויסע יודישע שטעדט זענען אויך זיינע און ער ווייס פון פראקטיקע, אז ווען למשל א יוד פון די דריי שטעדט זאל ווערען דיקער, ווערט ער, ה׳ צימבאליסט, מאגערער, און אז ווען א דארטיגער יוד ווערט מאגערער, ווערט ער, ה׳ צימבאליסט, דיקער.

דאס ווייס ער, און דעריבער טאקי איז ה׳ צימבאליסט געוועזען אין שטאנד אהן פחד, אהן שרעק און אהן שום ריזיקע צו געבען פאר די טאקסע מעהר מיט 56 טויזענד רובעל מיט דער זיכערסטער האפנונג, אז ער וועט פון דער אדעסער טאקסע אויך דיקער ווערען.

ערגער פון אלץ איז, וואס די גרויסע סומע טאקסע־געלד דארפען אויף זיך טראגען דאס רוב די ניט פערמעגליכע יודען.

איינער פון די אדעסער יודען, צוזעהענדיג ווי דאס טאקסע־געלד פאלט דאס מעהר אויף די ארימע קלאסע, האט זיך געווענדעט מיט א פראיעקט אין מיניסטעריום, אז מען זאל אבשאפען די טאקסע, ווייל אין אדעס געפינט זיך א גרויסער טהייל יודען פון דער אינטעליגענץ און פון דער פערמעגליכער קלאסע, וואס עסען ניט קיין כשר פלייש, און וואס זענען דעריבער פריי פון די אָבצאהלונגען אויף די וואהלטעטהיגע שטאדט־זאכען, וועלכע ווערען אויסגעהאלטען פון דער טאקסע. אזוי קומט אויס, אז די גאנצע שוועריקייט פון די אבצאהלונגען פאלט אויף דעם פראסטען, ניט פערמעגליכען עולם, וואס עסט נור כשר פלייש, דערום ווערט אין פראיעקט פארגעלעגט, אז די טאקסע זאל מען אין גאנצען אבשאפען און אז די אבצאהלונגען זאל מען צוווארפען אויף אלע יודען גלייך.

און עס איז צו האפען אז סוף כל סוף וועט דער מסחר מיט „יודיש פלייש“ אויפהערען, ווי אין אפריקא דער מסחר מיט די שקלאפען, ווייל דער פראיעקט פון דעם אדעסער יודען איז ניט דער ערשטער. אין מיניסטעריום געפינען זיך שוין לאנג אזוינע פראיעקטען, און דאס מיניסטעריום איז שוין פערנומען מיט דער פראגע וועגען קאראבקע, דען די טאקסע איז איינע פון די פיעל אלטע פערשימעלטע זאכען, מיט וועלכע דאס יודישע לעבען איז אזוי רייך.

דער איינציגער טרייסט איז, וואס זיי גוס׳ען שוין און האבע נעצעהלטע טעג.

---

היינטיגע וואך האבען יודען אין ווארשא אויסגעצייכענט געטאנצט צוליעב יודישע ארימע יתומים.

די יונגע חברה „אחיעזר“ האט שבת צונאכטס דעם 26־סטען יאנואר געמאכט איהר ערשטען באל אין דעם גרויסען זאל „שווייצער־

טהאָל״, דער זאַל איז פול געוועזען מיט מענשען, יעדער וואָס עס האָט נור געוואוסט פֿון דעם גוטען צוועק פֿון דעם באַל, איז געקומען אויף דעם אָווענד, אַזוי אַז דער עולם איז בעשטאַנען בערך פֿון 1400 פערזאָן. דער עולם האָט דעם אָווענד זעהר גוט פֿערבראַכט, אַ גרויסען דאַנק פֿערדיענען די וואָס האָבען אומזיסט אנטהייל גענומען אין קאָנצערט פֿון זינגען און שפּיעלען, ווי פֿריילין ארגעוויטש, ה׳ אוראנו, ה׳ הירשפֿעלד. נאָך דעם קאָנצערט האָט דאָס יונגוואַרג, וואָס איז בעשטאַנען מעהר ווי פֿון 100 פּאַר, פֿרעהליך געטאַנצט, אָבער דער בעסטער טאַנץ איז געוועזען די ריינע הכנסה פֿאַר יודישע יתומים בערך 1200 רובעל.

דערמיט האָט די נייע חברה „אחיעזר״ בעוויזען, אַז זי האָט אין זיך אַ סך יונג לעבען און אַז די פֿיהרער פֿון דער חברה טהון זייער הייליגען חוב מיט ליעבע און חשק.

אָמת.

---

# די יודישע וועלט.

## געזעצען און משפּטים.

— אין דער „זאַמלונג פֿון די געזעצען און בעפֿעהלען פֿון דער רוסישער רעגירונג״ זענען געדרוקט די נייע תקנות, ווי עס דאַרף ווערען אויסגעקליבען בעפֿאָלמעכטיגטע פֿון די יודישע שולען, כדי אויסצוקלויבען ראַבינער און זייערע געהילפֿען.

1) די בעפֿאָלמעכטיגטע ווערען אויסגעקליבען פֿון יעדער שול־חברה בעזונדער.

בעמערקונג. צו די דאָזיגע שול־חברות געהערען אַלע, וועלכע געהען אריין אין דעם ראַיאָן פֿון ראַבינער און וועלכע שליסען מיט איהם אַ קאָנטראַקט וועגען געהאַלט.

2) די בעפֿאָלמעכטיגע ווערען אויסגעקליבען נור פֿון אַזעלכע מענשען, וואָס האָבען דאָס רעכט צו קלויבען ראַבינער.

3) די וויבאָרעס פֿון די בעפֿאָלמעכטיגטע ווערען געמאַכט יעדעס מאָל נישט שפּעטער ווי 2 חדשים איידער עס ענדיגט זיך דער דיענסט פֿון די אַלטע ראַבינער אָדער זייערע געהילפֿען.

4) די צייט און דער אָרט פֿון די וויבאָרעס ווערען בעשטימט מיט ערלויבניש פֿון גובערנאַטאָר אָדער גראַדאָנאַטשאַלניק דורך די אופּראַווע. מודעות וועגען דעם ווערען אַרויסגעהאַנגען אין די שולען.

5) די צעטלען פֿון די פּערזאָנען, וועלכע האָבען דאָס רעכט זיך צו בעטהייליגען אין די וויבאָרעס פֿון די בעפֿאָלמעכטיגטע, ווערען צוזאַמענגעשטעלט אין יעדער שול־חברה דורך איהר פֿערוואַלטונג אויף גרונד פֿון די ביכער וועגען בעשטאַנד פֿון די חברות.

בעמערקונג. אַלס בעזונדערע שול־חברות אין ראַבינער־ראַיאָן ווערען געהאַלטען די דאָזיגע, וועלכע האָבען מיט געהעריגער ערלויבניש זייער שול און זייער הנהגה.

6) די אסיפה פֿון יעדער בעזונדערער שול־חברה, כדי צו קלויבען בעפֿאָלמעכטיגטע, ווערט צוזאַמענגערופֿען פֿון דער פֿערוואַלטונג אויף אַ בעשטימטען טאָג און אָרט (אויסער שולען). ווען עס קומט צונויף נישט ווייניגער ווי אַ דריטעל מיטגליעדער, קלויבט מען אויס פֿון צווישען זיך אַ פּרעזעס און מען טרעט צו צו די וויבאָרעס. די בעפֿאָלמעכטיגטע ווערען אויסגעקליבען אין אַ צאָהל, וועלכע איז בעשטימט אין געזעץ פֿון 8 יוני 1901 דורך רוב דעות און אין פֿערמאַכטע צעטליך.

בעמערקונג. אין פֿאַל, אויב עס קומט נישט אויף די וויבאָרעס $1/3$ מיטגליעדער, רופֿט מען צוזאַמען נאָך 2 וואָכען אַ צווייטע אסיפה, וועלכע איז שוין גילטיג ביי יעדער צאָהל מיטגליעדער, וועלכע קומען אויף איהר.

7) וועגען די וויבאָרעס פֿון די בעפֿאָלמעכטיגטע ווערט געמאַכט אַ פּראָטאָקאָל, וועלכען עס שרייבען אונטער דער פּרעזעס און די מיטגליעדער, וועלכע האָבען זיך בעטהייליגט אין די וויבאָרעס. אין פּראָטאָקאָל ווערען אָנגעוויזען די נעמען און די וואָהנונגען פֿון די אויסגעקליבענע בעפֿאָלמעכטיגטע. דער צעטעל מוז אָוועקגעשיקט ווערען אויף דעם אַנדערען טאָג נאָך די וויבאָרעס אין אופּראַווע, וועלכע בעשטעטיגט די וויבאָרעס, אויב עס איז נור נישטאָ קיין געזעצליכע מניעה דערצו.

8) נאָך בעשטעטיגונג און פֿערעפֿענטליכונג פֿון די בעפֿאָלמעכטיגטע אויף דעם אופֿן, וועלכער איז דערמאָנט אין פּונקט 4 ווענינגסטענס אַ מאָנאַט פֿאַר די וויבאָרעס פֿון ראַבינער אָדער זיין געהילפֿע, רופֿט די אופּראַווע צונויף אויף אַ בעשטימטען טאָג און אָרט איין אסיפה פֿון אַלע בעפֿאָלמעכטיגטע פֿון ראַבינער־ראַיאָן, וועלכע טרעטען צו צו די וויבאָרעס: אין די שטעדט אונטער דעם פֿאָרזיטץ פֿון אַ מיטגליעד פֿון דער אופּראַווע, וועלכער ווערט דערצו בעשטימט, און אין קליינע שטעדטליך אונטער דעם פֿאָרזיטץ פֿון סטאַראָסטע און אין אַנוועזענהייט פֿון אַ בעאַמטען, וועלכער ווערט בעשטימט פֿון דער פּאָליציי, כדי אַכטונג צו געבען אויף די אָרדנונג.

9) די ראַבינער און זייערע געהילפען ווערען געקליבען דורך אַ פֿערמאַכטע באַלאָטיראָווקאַ פֿון קאַנדידאַטען, וועלכע האָבען פֿאָרגעשטעלט זייערע דאָקומענטען, אַז זיי האָבען דאָס רעכט צו זיין ראַבינער. אַלס אויסגעקליבענע ווערען געהאַלטען די דאָזיגע, וועלכע בעקומען רוב דעות. ביי אַ גלייכער צאָהל דעות ווערט געוואָרפֿען גורל.

10) נאָך דעם ענדיגען פֿון דער באַלאָטיראָווקע מאַכט דער פּרעזעס פֿון דער פֿערזאַמלונג אין אַנוועזענהייט פֿון די אויסקלויבער איין פּראָטאָקאָל, וועלכער ווערט אונטערגעשריבען פֿון פּרעזעס, פֿון די בעפֿאָלמעכטיגטע, ווי אויך פֿון דעם פּאָליציי־בעאַמטען, וועלכער געפֿינט זיך אויף די וויבאָרעס. דער פּראָטאָקאָל מוז איבערגעגעבען ווערען אין משך פֿון אַ מעת־לעת נאָך די וויבאָרעס אין דער אופּראַווע, כדי פֿאַרצושטעלען איהם צום בעשטעטיגען.

11) די פֿערזאַמלונגען צו קלויבען ראַבינער און זייערע געהילפֿען ווערען געהאַלטען פֿאַר נויטהיג, אויב עס בעטהייליגען זיך אין זיי נישט ווייניגער ווי איין העלפֿט אויסקלויבער. אין אַנדערען פֿאַל ווערט געטהון, ווי עס איז אָנגעוויזען אין דער בעמערקונג צום פּונקט 6.

12) אנקלאגען געגען די וויבאָרעס קענען געמאַכט ווערען אין לויף פֿון 7 טעג נאָך די וויבאָרעס.

13) די פֿאָלמאַכט פֿון די אויסגעקליבענע בעפֿאָלמעכטיגטע ענדיגט זיך גלייך נאָך דער בעשטעטיגונג פֿון די ראַבינער אָדער זייערע געהילפֿען.

14) די דאָזיגע תקנות זענען גילטיג אויך אויסער דער „טשערטאַ״, נור מיט דעם אונטערשיעד, דאָס אַנשטאַט דער אופּראַווע ווערט דאָרט אַלעס בעזאָרגט דורך די פּאָליציי און אונטער איהר השגחה.

בעמערקונג. פֿון דעם פּונקט 14 ווערען אויסגעשלאָסען דער געוועזענער ראַסטאָווסקי אויעזד אין טאַגאַנראָגסקע גראַדאָנאַשאַלסטוואָ, וואו די וויבאָרעס דאַרפֿען געמאַכט ווערען ווי אין די שטעדט, ווי יודען מעגען וואָהנען.

— דעם 2 פֿעברואַר האָט אין ווילנאַ דאָס געריכט פֿון געשוואָרענע (אקרוזשנאָי סוד) ערקענט בלאַנדעסען פֿאַר אונשולדיג און איהם בעפֿרייט פֿון יעדער שטראָף.

*

## יודישע געמיינדען.

— אין קרעמענטשוג ווערט געהאַלטען די קאָראָבקע פֿון דער קהלה אַליין און דורך דעם שפּאָרט די קהלה 10,525 רובעל יעהרליך. די סמיעטע אויף די קומענדיגע 4 יאָהר איז אויסגערעכענט געוואָרען אויף 47,329 רובעל יעהרליך און דורך פֿערגרעסערונג פֿון די הכנסות האָט מען איצט פֿאַר אַלע צדקה־חברות פֿערמעהרט די שטיצונגען.

— נעבען די ברעגעס פֿון קאַנאַדאַ געפֿינט זיך די אינזעל קאַפּ ברעטאָן, וועלכע איז בעזעצט פֿון פֿישערס. נישט לאַנג האָט איין ענגלישע חברה אָנגעהויבען צו בעאַרבייטען אויף איהם קוילען און אייזענגרובען. צווישען די אַרבייטער פֿון דער חברה געפֿינען זיך פֿיעל יודען אויס רומעניען, וועלכע האָבען אין די שטעדט סידניי און גלעס־באַי געגרינדעט יודישע קהלות. אין גלעס־באַי געפֿינט זיך אַ רב און מען האָט אָנגעהויבען בויען אַ שול. עס האָט זיך דאָרט אויך געבילדעט אַ ציוניסטישער פֿעראיין. די יודישע אַרבייטער בעווייזען אין דעם מין אַרבייט, וועלכע איז נאָך גאַנץ ניי פֿאַר זיי, גרויסע פֿעהיגקייטען.

*

## בילדונג.

— דער פֿערוואַלטער פֿון דער לאָמזשער לעהרדירעקציאָן האָט פֿאָרגעשטעלט אַ פּראָיעקט פֿון פערענדערונגען, וועלכע עס איז נויטהיג צו מאַכען אין די חדרים פֿון פּוילען, ווי דער „וואַרש׳ דנעווניק״ איז מודיע. בעשטעהט דער פּראָיעקט אין פֿאָלגענדעם: מענשען וועלכע ווילען עפֿענען חדרים מוזען קענען רוסיש לויט דעם קורס פֿון 2 קלאַסען שטעדטישע שולען און האָבען אַ שיין וועגען גוטער אויפֿפֿיהרונג. אין די חדרים זאָל מען מוזען לערנען רוסישע שפּראַך, און אַריינטרעטען זאָלען קענען קינדער נישט יונגער פֿון 7 יאָהר. דאָס לערנען זאָל דויערען פֿון 8 אַ זייגער אין דער פֿריה און נישט לענגער ווי ביז 6 אַ זייגער אין אָווענד. אויסער רוסישער שפּראַך וועט מען מעגען לערנען אויך רעכנען און אַנדערע למודים נאָך דעם קורס פֿון איין אנפֿאַנגס־שולע, נאָר דערצו וועט מען מוזען האָבען אַ בעזונדער לעהרער.

ווייל די צאָהל פֿון די חדרים פֿערגרעסערט זיך זעהר שטאַרק, דערום איז גלייך צו בעשטימען זייער צאָהל נאָך דער צאָהל פֿון די איינוואָהנער, אַזוי ווי עס איז אַמאָל געווען איינגעפֿיהרט לויט § 17 פֿון די תקנות וועגען חדרים, וועלכע זענען היינט בטל געוואָרען.

ווייל עס איז שווער־אַכטונג צו געבען אויף די חדרים, וועלכע זענען דאָ אַ סך און צו־וואָרפֿען אין פֿערשיעדענע ערטער, דערום איז גלייך צו בע־

שטימען א בעזונדער אינספעקטאָר, ספעציעל פאַר די חדרים מיט א געהאַלט פון 1200 רובעל יעהרליך און 600 רובעל אויף ארומפאָהרען. די הוצאות וועלען דאַרפען טראָגען די יודישע קהלות.

— אָנהויב פריהלינג וועלען זיך אין אייניגע יודישע שטעדט אָנהויבען בויען נייע האנדווערקער-שולען. אין מאהילעוו גובער׳ האָט מען געזאַמעלט צו דעם צוועק 20,000 רובעל נדבות, אויסער די שטיצע, וועלכע מען ערוואַרט צו בעקומען פון דער קאראבקע און פון דער חברה יק״א. אין ביאַליסטאָק מאַכט מען אויך הכנות צום בויען א נייע האנדווערקשולע, נאָר דער פלאַן איז נאָך נישט אויסגעאַרבעט, ווייל מען מאַכט שוויריגקייטען אין אָבשרייבען דאָס הויז אויפ׳ן נאָמען פון דער קהלה. אין מינסק האָט מען נאָך פאַראַיאָהרען אויסגעבויט די וואַרשטאַטען פון דער שולע און דאָס הויפּטגעביידע פאַר די שולע און קלאַסען צום צייכנען וועט מען בויען דעם קומענדיגען זומער. אין דער האמלער און גראָדנער האנדווערקשולע דאַרף מען נור פערענדיגען די אינעווענינגסטע איינריכטונג.

*

## ציוניסטישע נייעס.

— דעם 20-סטען יאַנואַר איז געוועזען אין פעטערבורג אויף אנרעגונג פון ה׳ ש. ראַפּאַפּאָרט א קינדער-יום-טוב, וועלכע איז זעהר גוט געלונגען. דער יום-טוב האָט זיך אָנגעהויבען מיט זינגען, א קינדער-כאָר האָט זעהר שען געזונגען העברעאישע און רוסישע ליעדער. נאָכהער האָט מען געשפּיעלט פּיעדעל און דעקלאַמירט פערשידענע שירים, דער הויפּט האָט געמאַכט א שטאַרקען איינדרוק פרוג׳ס שיר: „דער בעכער״. א גרויסע צופרידענהייט האָט אויך ארויסגערופען די ערצעהלונג „אלטע הארפע״, וועלכע ה׳ ויווקין האָט ספּעציעל אויפגעשריעבען פאַר דעם יום-טוב, און וועלכע איז אילוסטרירט געוועזען מיט לעבענדיגע בילדער דורך דעם מאַלער ה׳ יפהי. דאָס ערשטע בילד האָט פאָרגעשטעלט, די יודען אויף די טייכען פון בבל, זיצענדיג טרויעריג אין פרעמדען לאַנד. דאָס אנדערע בילד — ווי עס קומט א פּערסישער שליח אנזאָגען די יודען, אז כורש האָט זיי ערלויבט זיך צוריק קעהרען אין ארץ-ישראל. נאָכהער איז געגאַנגען א פּראָצעסיע פון קינדער אין היסטאָרישע קאָסטיומען. אין דעם גאַנג האָבען זיך בעטהייליגט בערך 400 קינדער. פאָרויס איז געגאַנגען א מיידיל מיט א מירטענצווייג. נאָך איהר פאַהנענטרעגער. מיט „מגן דוד׳ס״, ווייטער סאָלדאַטען מיט פּיקעס און פּאַנצערס, דערנאָך יונגע לייט טראָגענדיג אויף שטאַנגען דעם שלחן, מנורה און אנדערע כלים פון בית המקדש. ווייטער איז געגאַנגען א כאָר פון לויים און דערנאָך דער כהן גדול אונטער א חופּה און נאָך איהם אלטע לויים. ווייטער זענען געגאַנגען פרויען און מיידליך מיט אינסטרומענטען פון לאַנדווירטשאַפט און גאַרבען. צוויי מיידליך האָבען געטראָגען אויף א שטאַנג א הענגעל פון וויינטרויבען. צום סוף זענען געגאַנגען קינדער מיט קערבער פרוכטען.

אז די פּראָצעסיע האָט אָנגעהויבען געהען, האָט די מיליטער-מוזיק (פון דעם קייזער אלעקסאַנדער דעם 3-טענס פּולק) געשפּיעלט דאָס ליעד „עוד לא אבדה תקותנו״. דאָסזעלבע ליעד האָבען געזונגען די קינדער. ארומגעהענדיג דעם זאַל 3 מאָל, איז די פּראָצעסיע צוגעקומען צו דער סצענע, וואו עס האָט זיך אויפגעהויבען דער פאָרהאַנג, און מען האָט ארויסגעזעהען א געמויערטע וואַנד, וועלכע האָט פאָרגעשטעלט די ירושלים׳ער פעסטונג — מצודת דוד. די ציגעל זענען בעשטאַנען פון קונציג אויסגעשטעלטע קעסטליך מיט קאָנפעקטען, וועלכע די קינדער און גרויסע האָבען פונאנדערגענומען. אויף יעדען קעסטיל איז געוועזען די אויפשריפט „לכו ונבנה חומת ירושלים״. נאָך די טענץ, אין וועלכע עס האָבען זיך בעטהייליגט די קינדער, איז פאָרגעשטעלט געוואָרען א לעבעדיגעס בילד: ווי עס זיצט אויף א פעלז א ווייסער מלאך, נעבען זיינע פיס ליגט א קליינער כרוב, דער מלאך ווייזט אָן מיט דער האַנד אויף די וואָלקענס אין וועלכען מען זעהט א מגן דוד און די אויפשריפט „ציון״.

די הכנסה פון דעם יום-טוב איז געוועזען בעשטימט פאַר די אָדעסער פּאַלעסטינא-געזעלשאַפט.

די פּעטערבורגער צייטונגען, ווי „פּעטערבורסקיא וויעדאָמ.״, „נאָוואָסטי״ און אנדערע האָבען געגעבען גרויסע בעשרייבונגען פון דעם אינטערעסאַנטען אָוועגד.

---

*　*

*

און ליכטיג איז דאָרטען גאָט׳ס וועלט,
און ליכטיג — ביי מיר אויך אין הארצען;
און אַלץ דאָרטען, זאָגט עס נור שירה
וועלכע ס׳ציהט זיך אויך דורך אין מיין הארצען...

איך האָב מיר אין גאַנצען, מיין הארצען געאָפּפערט
צום איינציגען גאָט — גאָט פון ליעבע און לעבען,
מיט איהם שטענדיג געלעבט, אין איהם שטענדיג געגלויבט,
און קינדעריש פיעל מאָל — אויך קרבנות געגעבען...

און צויבער-חלומות, און זיסע חלומות —
פון לעבען גן-עדניש, פון זיין ברכה בעגליקט,
האָבען אימער, אָהן אויפהער, מיין נשמה פערהילט —
און צערטליך, און טריי, איהר אין האָפנונג געוויגט.

נאָר ס׳האָט זיך דעם שטן פערוואָלט מיט מיר שפּיעלען,
ער האָט אויף מיר זעהען געוואָלט א נקמה;
און האָט נור מיין איינציגען גאָט מיר פערטריבען —
און טויזענדער געטער בעפאַלען מיין נשמה...

און געטער אויף געטער, איין גאָט מיט׳ן צווייטען,
זיי קעמפּפען ביינאַנדער, ווי האַלטען מלחמה...
פאַר זיי איז מיין הארץ דאָרט א שלאַכט-פעלד געוואָרען,
צו רויב, צו געפענגנים פאַר זיי — מיין נשמה!...

*

און פינסטער איז דאָרטען גאָט׳ס וועלט,
און פינסטער — ביי מיר אויך אין הארצען;
און אַלץ דאָרטען זאָגט עס נור קינות —
און ס׳ציהט זיך אויך דורך, אין מיין הארצען...

וואַרשא. א. האָפענשטיין.

---

## בעריל וואסער-פיהרער.

(פאָרטזעטצונג).

IV.

יוסיל איז אָבער ניט געזונד געוואָרען. נאָך פיער וואָכען אין שפּיטאָל, איז ער ביי נאַכט געשטאָרבען, און גאַנץ פריה האָט מען איהם זיין רעכטס געטהון. בעריל האָט אפילו קיין מחילה ניט געקאָנט בעטען ביי איהם. ער איז ביים קוואַל געוואָהר געוואָרען דערפון, און האָט זיך פון׳ם פעסיל אָראָבגעקאַטשעט ווי א סנאָפּ.

ער איז אַריינגעפאַלען צום דאָקטאָר מיט א געוויין; ער וויל האָטש וויסען זיכער, פון וואָס איז יוסיל געשטאָרבען. —

דער דאָקטאָר האָט איהם דערצעהלט אין קורצען און קוקענדיג ערגיץ צו דער וואַנד, אז יוסיל פלעגט זיך תמיד היילען ביי איהם, ער איז אין גאַנצען געוועזען גאָר א צובראָכענער שאַרבען. מעהר קיין לעבען ווי אויף פיער וואָכען האָט ער קיינמאָל ניט פערמאָגט, ער האָט זיך אויפגעהאַלטען נור אויף רעצעפּטען און אויף נסים. אָבער געשטאָרבען איז ער גאָר פון א פרישטש, וואָס האָט זיך איהם דאָ אין שפּיטאָל מיט פיער טעג פריהער צוגעוואָרפען. „פון דעסטוועגען, האָט דער דאָקטאָר געענדיגט מיט אַביסיל מוסר אויף האַלב רוסיש, האַלב יודיש, — איך ראָטהע אייך, איהר זאָלט איינגעהאַלטענער זיין מיט אייערע הענד, איהר קאָנט נאָך ווען ס׳איז אַוועק דערפאַר אין קאַטאָרגע״.

ביי נאַכט איז ער שפּעט אנשלאָפען געוואָרען. אין שלאָף האָט זיך איהם אויסגעוויזען — יוסיל הויבט אויף איהם א ביינערנע

האנד... ער לאָזט זי אראָב אויף איהם, און אָט—אָט דערלאַנגט ער... אויף איין האַלבען ווערשאָק נור גרייכט ער איהם ניט... יוסיל לאָזט זיך צו נעהנטער... נאר וואָס נעהנטער ער קומט, ווערט די ביינערינע האנד אלס קורצער... אָט—אָט דערלאַנגט ער... נאר דערלאַנגען קאָן ער ניט.

אין דער פריה איז ער אויפגעשטאַנען, גענומען זיך פויל צו דער אַרבייט, און פאַרבייפאַהרענדיג דעם נייעם דין׳ס הויז, האָט ער זיך אָבגעשטעלט און איז אריינגעגאַנגען. —

מיט טרעהרען אין די אויגען האָט ער אָנגעהויבען דערצעהלען דעם דין זיין אומגליק. נאר יענער האָט איהם אַלץ איבערגעשלאָגען: „כ׳ווייס, כ׳ווייס! כ׳האָב שוין געהערט פון דער מעשה!"

נאר בעריל, גלייך ער הערט ניט, ער דערצעהלט... ער וויל זיך אויסרעדען; אַלץ איינס, צי הערט איהם עמיצער, צי ניין!

„כ׳בין אזוי ווייט ניט שולדיג, רבי! הליפעט ער. ער איז א צוּבראָכענער שאַרבען געווען. געשטאָרבען איז ער נאר אויף עפּיס אַנדערש!"

„אויף עפּיס אנדערש, קרימט זיך איהם דער דין נאָך: נור דו, פּראַסטער מענש! דו ווייסט, וואָס אין אונזערע ספרים הקדושים שטעהט דעריף? מְגַלְגְּלִין זְכוּת עַל יְדֵי זַכַּאי וְחוֹב עַל יְדֵי חַיָּב! פערשטעהט דו, עם־הארץ, וואָס דאָס הייסט? ס׳הייסט: מען איז מן השמים מגלגל א זכות דורך א זכאי, און א חוב — דורך דעם וואָס איז יאָ חיב, נישט — ניט חיב! דו ווייסט ניט אז יעדער מענש איז אַ עוֹלָם מָלֵא! א קליינינקייט? א עולם מלא! האָסט געה׳רג׳ט א מענשען — האסטו מאַבד געווען אַ עולם מלא עד סוף כל הדורות! איך רעד שוין ניט פון די עולמות, וואָס א יוד איז מַקְרִיב דאָרט אויבען מיט איין עבירה". —

בעריל איז געריהרט געוואָרען פון דעם דין׳ס ווערטער, האָטש ער האָט זיי וועניג פערשטאַנען, צי אפשר טאַקי דערפאַר, וואָס ער האָט זיי וועניג פערשטאַנען. ער האָט זיך געפונען אין אזא לאַגע, ווי יעדער גראָבער יונג, ווען ער וויינט איבער׳ן דאַווענען אָדער איבער׳ן תהלים. איהם איז אלץ איינס, וואָס די ווערטער בעדייטען! פאר איהם האָבען זיי א בעזונדערע בעדייטונג. ער פערשטעהט אין זיי זיין צוּבראָכען הערץ, זיין אומגליק.

— וואָס זשע זאָל איך טהון, רבי? וויינט ער און פרעגט:

— תשובה זאָלסטו טהון!

— ווי אזוי־זשע טהוט מען תשובה!

— ס׳ערשטע איז חֲרָטָה לְשֶׁעָבַר. ס׳הייסט אויף דעם וואָס ס׳איז געווען, נאָכדעם איז חֶשְׁבּוֹן לְהַבָּא, ס׳הייסט: מעהר שוין ניט נִלְכַּד ווערען אין חטאים. מאָנטאג און דאָנערשטאג זאָלסטו פאַסטען; אָבזאָגען אַלע טאָג א ספר תהלים. אוודאי וועט דיר אויף יענער וועלט דער עונש גרינגער זיין!

בעריל איז ארויסגעגאַנגען פון דין אונצופריעדען: תהלים הייסט ער מיר זאָגען! ער מיינט — איך בין אין דער עִבְרִי, אזוי ווי ער! ער ווייסט ניט, אז קוים־קוים וואָס איך דאַווען!"

„וועט אויף יענער וועלט דער עונש גרינגער זיין!" „נו און אויף דער וועלט וואָס טהוט מען, ס׳זאָל גרינגער זיין?"

ער האָט אָבגעאַרבעט פויל דעם טאָג. ווי אויף צו להכעיס האָט ער זיך מיט שמואל׳קען היינט ניט בעגעגענט, ער וואָלט פאַר איהם האָטש זיך אויסוויינען, מעגליך ער ווייסט עפּיס דערצו! „שמואל׳קע איז א ליטווישער קאָפּ, האָטש וואָס א יונג ביי א וואַסערפיהרער! ער שיט דאָך מיט לשון־קודש ווערטער! דאַווענט תמיד אויסווענינ!"

נאר זינט יוסיל איז געשטאָרבען, האָט ער שמואל׳קען ניט בעגעגענט. א פּנים ער היט זיך פאר מיר... „ווי פאר א רוצח", טראַכט ער און וואַגט ניט ארויסצוזאָגען.

די אַנדערע נעכט איז ער נאָך שווערער געשלאָפען. ער האָט זיך עטליכע מאָל אויפגעכאַפּט אין געשריי, איבערגעשראָקען די פער־שלאָפענע אַרורה, וועלכע האָט זיך ברומענדיג א גאַנצע נאַכט גע־קייקעלט פון איין זייט אויף די אַנדערע.

און ווידער דיזעלבע חלומות, ווידער שטרעקט יוסיל׳ס א ביינעריגע האַנד צו איהם און אָט—אָט ריהרט ער איהם אָן! אָט נעמט ער איהם פאַר׳ן האלז! נאר וואָס נעהנטער די האַנד איז צו איהם, ווערט זי אַלץ קירצער און קלענער...

און מיט וואָס פאר אויגען דער קוקט אויף איהם! דאַכט זיך, ניט מעהר ווי לעכער, נור ווי שרעקליך עס איז צו קוקען אויף זיי! עס ווערט אי קאַלט, אי וואַרעם... און אָט, דאַכט זיך דיר, זיי שלינ־גען דיך איין! ציהען דיך אהין אין די לעכער אריין!...

ער האָט שוין איינמאָל געפּרובט זיין אלט מיטעל: פאַר׳ן שלאָף — זיך אָנגע׳שכור׳ט — איז נאָך ערגער געווען: ער האָט אין דער פריה ניט אזוי קלאָהר געדענקט, וואָס ביי נאַכט האָט זיך מיט איהם געטהון, נאר בכלל איז ערגער געווען. ער האָט, דאַכט זיך, געפּרובט אויפהויבען א האַנד אַקעגען יוסיל׳ען, נאר פון דער האַנד איז געוואָרען א הענדטיל פון א בייטש.

ער איז אין דער פריה אריינגעפאַלען ניט צום דין, נאר שוין צום אלטען רב מיט א גוויין.

— רבי, וואָס זאָל איך א צונד טהון? האָט ער פון הארץ ארויס־געשריען, נאכדעם ווי ער האָט איהם דערצעהלט זיינע חלומות.

— מיין קינד, זאָגט איהם דער רב געריהרט, אונזער גאָט איז אַ סַלְחָן וּמָחְלָן. אז א יוד זינדיגט, און ער טהוט תשובה, איז איהם גאָט מוחל.

— ווי אזוי־זשע, רבי׳ניו, טהוט מען תשובה?

— אָט אזוי, מיין קינד! זאָלסט אויף דיר נעהמען, זאָלסט שוין מעהר אויף קיין יודען די האַנד ניט אויפהויבען. אמת, יענער האָט סיי ווי געדאַרפט שטאַרבען, דו האָסט קיין מענשען חס ושלום ניט געהרג׳ט, ער איז געשטאָרבען, זאָגט מען, נאר פון א מין צָרַעַת, רחמנא ליצלן; נאר גוט איז, ס׳האָט זיך אזוי געמאַכט! דו קאָנסט דאָך אבער איינעם אזוי אוננערן מיט דער האַנד שלעכט טרעפען, און ווער ווייס? א מענש, אימשטיינס געזאָגט, איז ניט פון אייזען. מע שטאַרבט א מאָל פון איין קלאַפּ! היינט זשע ביסטו אליין זיך מודה, אז דו ביסט געווען שכור, זאָלסטו אויף דיר נעהמען, אז דו זאָלסט שוין מעהר ניט טרינקען קיין שום משקה, חוץ קדוש און הבדלה און חוץ פורים און שמחת תורה. דעמאָלט דאַרף א יוד טרינקען, ווייל ער קאָן נעביך אַנדערש ניט פרעהליך זיין. ווידער־זשע אין דער וואָכען, וואָס איז דאָס עפּיס אין דער אמת׳ן פאר איין איינפאַל — שכור׳ן נאר? ! ווי קעהר זיך דאָס אָן צו אַ יודען? ! א יוד — שכור׳ן גאָר? !

— רבי, מע טרינקט אַ מאָל פאר צרות!

— און אז צרות — וואָס איז? ! קעהרט זיך דעמאָלט א יוד אום צו גאָט ברוך הוא! זאָגט מען א קאַפּיטיל תהלים! אלא מאי

ניט, ווער ס'קאָן קיין תהלים ניט זאָגען, נעהט מען פאַרנאַכט דאַווענען! צווישען יודען הערט מען אַ וואָרט. ווערט מען געטרייסט. און אזוי ליידט מען ווייטער, ביז השי"ת לעזט אויס פון אלע צרות — אָבער שכור'ן גאָר? ניין דאָס איז ניט יודיש!"

— רבי, פעסטעט זיך בעריל, ווי אַ קינד: איך זאָג אייך צו, אז מעהר טרינק איך קיין שום משקאות ניט, אויף מיין גאַנץ לעבען!"

— חוץ קדוש און הבדלה און פורים און שמחת תורה— פער־ריכט איהם דער רב.

— חוץ קדוש און הבדלה און פורים און שמחת תורה, זאָגט בעריל נאָך.

— און ווייטער — וואָס נאָך? רבי!

— און ווייטער... אויב דיר איז ניט שווער, איהר — דער אלמנה צו געבען עפּיס אַ חֵלֶק הֵיוּנָה אויף דער וואָך, וואָלט אַוודאי געווען אַ יושר!

— איך גיב, רבי! איך וועל געבען! האָט בעריל כמעט געשריען.

— נו, און דו? בלייבט דיינע חיו הונגעריג?

— ניין, ניין, רבי! איך פערדיען נישט קשה'דיג, א דאַנק דעם וואָס איך בין ניט ווערט צו דערמאַנען!

— נו, זעה־זשע, מיין קינד, צדקה בכל עת — ווייסטו וואָס הייסט? די גרעסטע צדקה פאַר אַ געמיינעם יודען איז ווייב און קינדער צו שפייזען.

— נו, און וואָס נאָך? רבי!

— וואס נאָך זאָל זיין? ווייטער זאָל דיר גאָט העלפען זאָלסט אויספיהרען, וואס דו האסט דיר פאָרגענומען!

— און פאַסטען!

— דו האָרעוועסט דאך נעביך! ניין, טאָרסט ניט פאַסטען!

— ווועט מיר גאָט מוחל זיין?

— פשיטא! גאָט ב"ה איז אַ מחלן וסלחן! זיי נור איין עהרליך קינד!

— נו, און ער... דער מת? האָט בעריל שטיל, קוים וואָס אַרויס־גערעדט, גלייך ער וואָלט מורא האָבען, עמיצער זאָל ניט דערהערען:

— דער מת קאָן אויך אויף דיר ניט ברוגז זיין! שלאָג דיר עס אַרויס פון דעם קאָפּ... דינג אַ יודען פאַר אַ קליינינקייט, ער זאָל זאָגען קדיש נאָך איהם! און... אַלע ראש חודש גיב פאַר איהם אַ ליכט אין קלויז אריין!

בעריל האָט זיך היסטעריש צולאַכט, ער האָט אַרומגעהאַפּט דעם רב ביי די הענד און האָט זי בעדעקט מיט טרעהרען און קושען.

— נו־נו, זיי ניט קיין נאַר? האָט געזאָגט דער רב, אַרויס ציהענדיג זיין סאַמעט ווייכע האַנד פון צווישען די צווי גראָבע הענד פון דעם וואַסערפיהרער. און האָט איהם בעגלייט צו דער טיהר: „זיי איין עהרליך קינד." האָט ער איהם נאָכגעשריען, — און היט אָב, וואָס דו האָסט גענומען אויף זיך!

בעריל האָט נאָך דעמזעלבען טאָג געוואָלט דינגען יוסל'ען אַ קדיש, ער האָט געדאַרפט דערצו אריינגעהען אין קלויז און פרעגען ווער ס'האָט אַ קדיש צו פערדינגען. נאָר דאָ האָט ער זיך שטאַרק בענוויטהיגט אין שמואל'קען; ער איז אין קלויז ניט קיין היימישער... אין דער וואָכען איז ער נאָך קיינמאָל אויף זיין לעבען אין קלויז ניט געווען; ער וועט פּלוצלינג אריינפאַלען אין קלויז אַריין... איטליכער וועט אויף איהם קוקען... ער וועט ניט וויסען וועמען און ווי אַזוי צו פרעגען... שמואל'קע איז אַ היימישער צווישען יודען און אין אַ קלויז. ער איז דערויף אַ ליטוואַק! ער דאַרף וויסען, ווי אַזוי דאָס צו טהון...

ער האָט זיך געזעצט אויפ'ן פּעסיל, אַרויסגעפאָהרען צו דער אַרבייט אין דער האָפנונג, אפשר וועט ער פאָרט טרעפען ערגיץ שמואל'קען.

און ער האָט איהם טאַקי געטראָפען אַליין ביים קוואַל.

יענער האָט איהם דערזעהען האָט ער זיך דערשראָקען פאַר זיין אויסזעהען, אַזוי ווייט האָט זיך בעריל פערביטען אין די לעצטע עטליכע טעג. ער האָט אויסגעוויזען עלטער אויף אַ צעהנדליג יאָהר.

ער איז אַראָבגעשפּרונגען פון פעסיל, און מיט אָפענעם מיט־לייד האָט ער אויסגעשריען: „וואָס איז פון אייך געוואָרען, „בעריל?"

בעריל האָט פאַר פרייד ניט געוואוסט, וואָס צו ענפערען, ער איז אַראָב פון פּעסעל, גענומען שמואל'קען פאַר ביידע הענד, אַוועק־געפיהרט צווישען די הוסטעס און האָט איהם דערצעהלט, וואָס ס'האָט זיך איבערגעטהון מיט איהם, זייט יוסיל איז געשטאָרבען. —

יענער האָט איהם אויסגעהערט מיט פיעל מיטלייד, געזאָגט דערביי זיין מיינונג, אז דער רב געהער צו זיין אַ ליטוואַק, ווען ער פערשטעהט אַזוי גוט.

זיי האָבען זיך דעם גאַנצען טאָג געהאַלטען אין איינעם. פאַר־נאַכט צו מנחה זענען זיי ביידע געגאַנגען אין קלויז אַריין. —

בעריל האָט זיך אין שמואל'קען ניט אָבגענאַרט, אונטער צעהן ווערטער האָט ער געמאַכט מיט אַ מלמד פאַר דריי רובעל אַ גאַנץ יאָהר קדיש זאָגען; איין מאָל אין דער וואָך — אַ פרק משניות לערנען; אלע ערב ראש חודש — אַ קדיש נאָך אַ ספר תהלים און דערביי נאָך אויסגענומען, אז קיין אַנדערע קדישים טאָר דער מלמד ניט אויפנעהמען. —

בעסער האָט זיך יוסיל אַליין אויך ניט געקאָנט ווינשען. ביידע זענען אהיימגעגאַנגען צופריעדען. בעריל איז געווען כמעט אויפ־געלעגט.

ביי נאַכט אין שלאָף האָט בעריל נאָך געזעהען יוסל'ען דאָס לעצטע מאָל, ווי דורך אַ רויך; נאָר ער האָט אויסגעזעהען רוהיג. —

אין אַ חדש אַרום איז בעריל אַרומגעפאָהרען די גאַנצע שטאָדט מיט'ן ליידיגען פּעסיל אָבזוכען שמואל'קען. ער האָט איהם קוים געפונען, און מיט טרעהרען אויס פרייד האָט ער איהם דערצעהלט, אז ער האָט די נאַכט געזעהען יוסל'ען אָנגעטהון בגדי מלכות. ער האָט געשמייכעלט, געזעסען אויף אַ גילדען פּעסיל: „איך פיהר ווין פאַר די צדיקים אין גן־עדן" — זאָגט ער מיר „זיי מיר געזונד, בעריל! לאַנג־לאַנג וועלען מיר זיך שוין ניט זעהען!"

און ווען ער איז שוין געווען העט־ווייט פון מיר, האָט ער זיך נאָך איין מאָל אומגעקעהרט און געשריען, נאָר אַזוי, אז איך האָב שוין קוים־קוים דערהערט: „איך בין דיר מוחל, בעריל! זיי מיר אויך מוחל!"

„מוחל, מוחל!" האָב איך פונ'ם הערץ געשריען, און דערביי האָב איך מיך אויפגעהאַפּט. —

(פאָרטזעצונג קומט).

יהודה שטיינבערג.

# א חשבון.

I.

אברהמ'צי איז געוועזען אויף דעם זיבעטען הימעל פון דער בשורה, וואס זעלדע האט איהם אנגעזאגט.

וויביידע האבען אויסגערעכענט, וועלען זיי אין זיבען־אכט חדשים ארום ווערען טאטע־מאמע.

קיינער אין דער וועלט איז איצטער צו זיי ניט גלייך געוועזען פון דעם גליקליכען געדאנק.

זייער גאנץ לעבען האבען זיי געליטען, זייער גאנץ לעבען האבען זיי קיין היים געהאט, ער איז געוועזען א משרת־יונגיל, און זי א דינסט־מיידיל. שטענדיג האבען זיי זיך געוואלגערט אין פ־עמדע קיכען און געגעסען, וואס מען האט אראבגעגעבען פון טיש, נאר זינט זיי האבען חתונה געהאט, זענען זיי געווארען בעלי־בתים פאר זיך אליין, זיי האבען איצטער א געפונען א איינען ווינקעל, אבגעטהיילט פון שכנים מיט דינע צונויפגעקלאפטע ברעטליך. ער איז פון דער חתונה אן געווארען אליין א סוחר און געהט ארום מיט א קעסטיל געבארגטער גאלאנטעריי־סחורה, און זי האנדעלט אויף דעם מארק מיט אזוינע סחורות, וואס דער סעזאן פאדערט: זומער מיט א קיישיל פלאמען, עפיל אדער מיט אנדערע פרוכטען, ווינטער מיט גענז און אנדערע עופות.

דעם גאנצען טאג איז מען אין גאס, אויף דער נאכט קומט מען אהיים, מען עסט צוזאמען ביים אייגענעם טיש וועטשערע און מען לעגט זיך שלאפען אויף איין אייגענעם געלעגער. ניט דא קיין בעל־בתים מיט בעל־בית'טעס, וואס זאלען וועקען פון שלאף ישיקען א גאנג אדער שטעלען פלוצים דעם סאמאוואר, ניט דא קיין געסט, צוליעב וועלכע מען דארף שלאפען זיצענדיג אוןווארטען ביז זיי וועלען זיך צוגעהן, גיט דא ווער עס זאל שטערען דעם שלאף,— מען איז פאר זיך בעלי־בתים, מען שלאפט געשמאק די גאנצע נאכט ווי אין האניג, מען לעגט זיך, ווען מען וויל, און מען שטעהט אויף מיט פרישע קרעפטען צו ארבייטען דעם גאנצען טאג.

דאס שטיקיל ברויט פערדיענט מען זיך געלויבט גאט און מען עסט צו זאט, גאר ווען עס קומט שבת איז אומעטיג: קיין קינדער איז ניט דא. וואס, אומשטיינס געזאגט, איז מען פאר א בעל־בית, פאר א בעל־בית'טע, אז עס איז אפילו ניט דא אויף ווען אנצושרייען.

און איצטער האט זיי גאט בעגליקט מיט גוטע האפנונגען.

זיי לעבען שוין איצטער מיט דער גליקליכער צייט, ווען זיי וועלען ווערען טאטע־מאמע, זיי שטעלען זיך פאר, ווי ער וועט אנשרייען אויף דאס קינד, און זי וועט ניט לאזען, אדער זי וועט וועלען שלאגען דאס קינד, און ער וועט ניט לאזען.

דאס קינד האבען זיי שוין ליעב בעקומען, און קיין אוועגד איז ניט אוועקגעגאנגען, ווער שמועסט שבת — אז זיי זאלען ניט רעדען פון קינד. אז ער האט געזאגט, אז עס וועט זיין א יונגיל, האט זי געזאגט א מיידיל, און ווען איהר האט זיך אויסגעדאכט, אז עס וועט זיין א יונגיל, איז ביי איהם געוויס געווארען א מיידיל.

און ביידע פלעגען זיך אפט פערטראכטען: וואס וועט זיין מיט זייער קינד, וואס וועט פון זייער קינד אויסוואקסען? שוין זשע אויך א משרת־יונגיל אדער א דינסט־מיידיל, אויך אזוי פיעל צרות, נויט און בזיונות איבערלעבען ווי זיי, און אפט ניט דערעסען און ניט דערשלאפען ווי זיי? אוי ניין, דאס קען ניט זיין מיט זייער קינד, וועלכעס זיי האבען אזוי ליעב, זיי וועלען ניט דערלאזען, זיי מוזען זייער קינד אויסהאדעווען ווי א בעל־בתיש קינד, עס זאל ניט וויסען פון קיין נויט, עס זאל געהן שטענדיג פיין געקליידעט, עס זאל לערנען ביי די בעסטע מלמדים, עס זאל אויסוואקסען איין איידעלער יונגער מאן, וואס זאל קענען אין די קליינע אותיות'ליך, ער זאל ניט דארפען זיין אזא גראבער יונג, אזא פראסטאק ווי דער טאטע און מוזען ווערען "א געהער". דאס איז גערעדט געווארען, אויב עס וועט זיין א יונגיל, נור טאמיר א מיידיל, דארף מען זי אויך אויסלערנען לייענען און שרייבען און פאר איהר אנגרייטען א סך נדן, עס זאל זי קענען נעהמען א טאטענס א קינד, זי זאל ניט דארפען האנדלען אויף דעם מארק.

דאס אלעס האבען אברהמ'צי מיט זעלדען פעסט בעשלאסען וועגען זייער קינד, זיי וועלען ניט דערלאזען און עס מוז אזוי זיין, נאר וואו נעמט מען געלד אויף דעם אלעמען? שען קליידען א קינד, לערנען און נדן געבען,— דערצו דארף מען אבער האבען געלד, וואו זאל מען עס נעהמען, דאס קעסטיל געבארגטע סחורה און איהר האנדלען אויף דעם מארק קענען מעהר ווי דאס שטיקיל פרנסה ניט געבען, געלויבט גאט דערפאר, אבער עס זאל נאך בלייבען געלד, ווי איז דאס מעגליך!?

---

II.

א גאנצע וואך האט מען גאר ניט געקענט אויסטראכטען. אין דער וואכען איז מען געקומען אהיים אזוי פערהארעוועט, אז ביי דער וועטשערע האבען זיך שוין געקלעפט די אויגען, זיי האבען נור געקענט טראכטען און חלומ'ען וועגען זייער קינד, אבער ניט עפים אויסטראכטען. דערפאר דעם ערשטען שבת, ווען זיי האבען זיך אויסגערוהט און גוט אויסגעשלאפען אויף אלע זייטען, האבען זיי זיך ווידער צורעדט וועגען קינד, אז עס דארף ביי זיי אויסוואקסען ניט ווי די טאטע מאמע, נאר ווי א לייטיש בעל־בית'יש קינד, און האבען טאקע באלד געפונען א מיטעל, ווי אזוי האבען געלד דערצו. זיי האבען טאקע אויסגעטראכט און געפונען א פלאן.

די ערשטע איז געוועזען זעלדע, וואס איז געפאלען אויף דעם פלאן.

— מיר וועלען, אברהמ'צי, אבשפארען און אוועקלעגען צוביסליך געלד.

— פון וואנען וועלען מיר דאס האבען אבצושפארען, האט זיך אברהמ'צי צולאכט מיט א פערקרימט פנים.

— וואס הייסט פון וואנען, אז מיר וועלען נור וועלען, וועלען מיר אבשפארען. ווי אזוי דער מענש נעמט זיך פאר, אזוי העלפט איהם גאט. מיר וועלען זיך פארנעהמען, וועט ער אונז מוזען העלפען. ניט אום שבת גערעדט, פון מארגענדיגען טאג וועל איך מאכען איין אנהויב, מיר וועלען אבשפארען צו צעהן גראשען א טאג אויסער פון דעם שבתדיגען טאג, דאס וועט זיין א חשבון פון צוויי גילדען א וואך. בערעכען נור, אברהמ'צי, וואס פאר א סך געלד עס וועט זיך אנקלויבען ביז צו די קינדערס חתונה, בפרט נאך אז מיר וועלען אלע וואך אויף א ביכיל אריינטראגען אין פאסט דאס געלד, וויפיעל פראצענט קען אנוואקסען; בערעכען נור, אברהמ'צי, וויפיעל געלד קען זיך דאס אננעהמען אין אכצעהן אדער צוואנציג יאהר, ווען מיר וועלען דאס קינד חתונה מאכען. אפילו ווען מיר וועלען פון דעם געלד אראבנעהמען אויף שכר־למוד, וועט נאך

אויך גענוג בלייבען, פּראָצענט וועט זיך וואַקסען, בערעכען נור, אברהמ'צי, אויף דעם קאָפּ, וויפיעל בערך קען זיך ביז דענסטמאָל אָנקלויבען.

אברהמ'צין איז דער פּלאַן געפעלען, אָבער ער האָט פאָרט ניט פערשטאַנען, פון וואַנען וועט מען עס אָבשפּאָרען. אברהמ'צי האָט אָנ־געהויבען קנייטשען דעם שטערען, ווילענדיג בערעכענען, וויפיעל עס קען זיך ביז דענסטמאָל אָנקלויבען געלד, אָבער עס איז גאָר ניט אַרויס־געקומען.

— ניט אום שבת גערעדט, נאָך הבדלה וועלען מיר עס בערע־כענען מיט אַ קריידיל,— האָט ער געזאָגט. געלד וועט זיך געוויס צו־זאַמענקלויבען אַ סך, אפשר עטליכע הונדערטער. נאָר פון וואַנען וועלען מיר עס פאָרט אָבשפּאָרען, זעלדע, דו ווייסט דאָך ווי שווער עס קומט אונז אָן, ביז מיר קומען אויס די וואָך.

— וועט זיין נאָך שווערער, צעהן גראָשען וועלען מיר פער־שפּאָרען. ווי איז אַז מען קעהרט מיר אַיים דאָס קיישיל עפּיל אויף דעם מאַרק, קומט דאָך מיר נאָך מעהרער. מיר וועלען אויך אַביסיל פער־שפּאָרען פון עסען. שבת קען מען עסען אַ הערינג פאַר פיש, ברויט פאַר חלה, גאָט וועט אונז מוחל זיין פאַר אַזא זאַך, און פון די וואָכענדיגע טעג קען מען אויך אָבשפּאָרען, וועט מען לייגען נאָך אַ לאַטע אויף די שיך, פון שיך אַליין קען מען מיט אַמאָל פערשפּאָרען אַ פאָר רובעל, אַז מיר וועלען זיך אַזוי פאַרנעהמען, וועט אונז גאָט העלפען.

נאָך הבדלה ביי אַ גלעזיל וואַרעמס האָבען זיי דעם גאַנצען שבת צונאַכט פערבראַכט מיט דעם קריידיל, נאָר פּונקטליך האָבען זיי ניט גער־קענט בערעכענען. דאָס איז אָבער ביי זיי אויסגעקומען זיכער ווי דער טאָג, אַז מען וועט פערשפּאָרען און קלויבען אַכטצעהן־צוואַנציג יאָהר צו פינף קאָפּיקעס אַ טאָג, דאָס הייסט צו צוויי גילדען אַ וואָך, וועט זיך אָננעהמען אַ סך געלד פאַר דאָס קינד, און עס איז ביי זיי אַנדערש ניט געבליבען טאַקע פון מאָר־גען אָנצוועקלעגען די ערשטע צעהן גראָשען פאַר דאָס קינד אין אַ גוטער מזל'דיגער שעה.

III.

עס איז אוועקגעגאַנגען אַ פאָר חדשים און מען האָט פּונקטליך אַלע וואָך געטראָגען אויף דעם „ביכיל" צוויי גילדען. וואָס וויטער זענען זיי אַזוי פערברענט געוואָרען אין דעם גליקליכען געדאַנק, אַז זייער קינד וועט אויסוואַקסען אַ לייטיש בעל־בהיש קינד, אַז עס וועט ניט זיין קיין משרת, קיין דיענסט, ער וועט ניט זיין קיין „געהער" ווי דער טאַטע, זי וועט ניט האַנדלען אויף דעם מאַרק ווי די מאַמע, אַז זיי האָבען מיט דעם גרעסטען פערגעניגען אָבגעשפּאָרט צו צוויי גילדען אַ וואָך. זיי האָ־בען ניט געפיהלט, ווי זיי דערעסען ניט, ניט בעמערקט, ווי אויף זייערע שיך און קליידער איז שוין ניט דאָ וואו אַ לאַטע צו לעגען, און דער־מאַנענדיג זיך, ווי אין „ביכיל" וואַקסט און וואַקסט וואָס מעהר אויף זייער קינד, האָבען זיי זיך געפיהלט גליקליכער ווי תמיד.

דאָס קאַרגשאַפט אויף זיך איז וואָס אַמאָל גרעסער געוואָרען, און דאָס געלד אין ביכיל איז אַלין מעהר געוואָרען. אפילו ווען זעלדע איז שוין אין אַ גוטער שעה מיט דעם קינד געלעגען אין קינדבעט, און אברהמ'צי האָט דער קינדבעטאָרען געבראַכט אַ פלעשעלע זיסען וויין, האָט זי אָנגעשריען אויף איהם:

— קוילער, וואָס האָסט דו געטהון, אויסגעגעבען געלד אויף וויין, ווילסט אוועק־קוילען דאָס קינד, געה טראָג עס אָב און נעם אָב דאָס געלד, איך וועל ניט טרינקען, אַז מיר וועלען ניט פערשפּאָרען, פון וואַנען וועלען מיר האָבען פאַר דאָס קינד? וואָס ווילסט דו, אונזער קינד זאָל זיך אויך דאָס גאַנצע לעבען וואַלגערען אין פרעמדע קיכען ווי מיר? נאַ, זעה, מיט וואָס פאַר אַ גאָלדען קינד גאָט האָט אונז גע־בענשט, אונזער קינד בעלייכט דאָך די גאַנצע שטוב מיט זיין שענקייט.

אברהמ'צי האָט געקוקט אויף זיין קינד, געקוקט אויף זיין ווייב, די גליקליכע מוטער, און ווידער געקוקט אויף דאָס קינד און האָט צוריק אָבגעטראָגען דאָס פלעשיל וויין.

IV.

דאָס קינד האָט געלעבט אַ האַלב יאָהר. אברהמ'צי מיט זעלדען האָבען זיך גענוג אָנגעוויינט און אָנגעקלאָגט און אָבגעזעסען שבעה.

אין איינעם פון די ווינטערדיגע שבת צונאַכטסען נאָך הבדלה ביי אַ גלעזיל וואַרעמס איז דאָס פאָר פאָלק ווידער געזעסען מיט אַ קריי־דיל אין דער האַנד און געמאַכט אַ חשבון.

— מילא דאָס קינד האָט גאָט ביי אונז, פאַר אונזערע זינד, צו־גענומען, אָבער וואו איז אונזער געלד, וואָס מיר האָבען אָבגעשפּאָרט פון מויל, אַז „אויף דעם ביכיל", זאָגסט דו, האָבען מיר שוין ניט קיין גראָשען. מאַך נור, אברהמ'צי, דעם חשבון.

און אברהמ'צי האָט מיט דעם קריידיל אויף דעם טיש גערעכענט:

28 וואָכען איידער דאָס קינד איז געבוירען צו 2 גילדען
אַ וואָך איז אַזוי גרויס ווי . . . . . . . . . . . 56 גילדען
26 וואָכען האָט דאָס קינד געלעבט . . . . 52 "

איז ס"ה 108 גילדען.

הוצאות אויף דעם קינד:

| | |
|---|---|
| אַ צעטיל פון דעם הויז, וואו דאָס קינד איז געשטאָרבען | 3 גילדען |
| " צו דער יודישער געמיינדע, אַז מען מעג דאָס מקבר זיין | 30 " |
| פאַר אויסשרייבען פון די לעבעדיגע | 12 " |
| אַ צעטיל פון דער יודישער געמיינדע, אַז מען זאָל דעם מת מקבר זיין אויף דעם הייליגען אָרט | 30 " |
| פאַר דאָס שטיקיל אָרט | 50 " |
| שמשים, חזנים און אַנדערע כלי־קודש אויף דעם הייליגען אָרט | 15 " |
| תכריכים | 10 גראָשען 5 " |
| צדקה פאַר די הייליגע נשמה | 20 " 1 " |

האָסט דו דיר, זעלדע, אַ ריינעם חשבון אַזוי גרויס ווי גלייכע 147 גילדען.

— אין ביכיל איז דאָך מעהר ניט געוועזען נאָך דיין חשבון ווי 108 גילדען, וואו זשע האָסט דו גענומען דאָס איבריגע? האָט זעלדע געפרעגט.

— אַ פאָר גראָשען איז אָנגעוואַקסען פּראָצענט און אויף דעם איבריגען האָב איך פערזעצט די שבת'דיגע קאַפּאָטע. וואָס וואָלסט דו געוואָלט, איבער די עטליכע גילדען, וואָס האָבען געפעהלט, זאָלען מיר אונזער קינד ניט ברענגען צו קבר ישראל!

אברהמ'צי מיט זעלדען זענען נאָך לאַנג דעם שבת צונאַכטס גע־זעסען מיט דעם קריידיל אין די הענד און געחשבונ'ט, וויפיעל וואָכען דאַרף מען נאָך אָבשפּאָרען פון דעם עסען, מען זאָל קענען אויסלעזען די שבת'דיגע קאַפּאָטע.

מ. ספעקטאָר.

# טעכנישע ידיעות.

## מאשינען אויף באקען מצה.

דאס ארבייטען מיט דער הילף פון מאשינען ווערט איצט אלץ מעהר און מעהר איינגעפיהרט אין פראקטישען לעבען. און דאס איז גאר קיין חידוש ניט. דארט וואו צעהן למשל מענשען האבען פריהער א געוויסע ארבייט געטהון א גאנצען טאג, טהוט איצט מיט דער הילף פון א מאשין איין מענש אין א העלפט צייט. דערהויפט שפארט איין די מאשין אסך ארבייט ווען איין מין זאך מוז פאבריצירט ווערען אין די הונדערטער טויזענדער און מעהר שטיק. דאס איז למשל דער פאל ביי דער פאבריקאציאן פון נאדלען, קנעפליך, שפראנצקעס, שנאלקעס וכדומה. פון גרויסע פאבריקען איז גאר קיין רעדע ניט, דארט איז די מאשין די הערשערין, אבער אפילו אויך אין קליינע ווארשטאטען ווערט די מאשין אלץ נייטהיגער און נויטהיגער און מען קען זיך אהן איהר גאר ניט בענעהן. גוטע בעלי־מלאכות קענען אפילו דורבקומען אויך אהן די מאשין, אבער די ארבייט געדויערט אסך מעהר, די סחורה פאלט אוים טייערער, און זיי זענען ניט אים שטאנד צו קאנקורירען מיט בעלי־מלאכות, וואס ארבייטען מיט מאשינען. שפעטער וועלען מיר בעקענען דעם לעזער פון „יוד" מיט פיעל נייע מאשינען, וואס ווערען איצט איינגעפיהרט אין האנדווערק, און מיר וועלען בעשרייבען כל־מיני נייעסען, וואס קענען נוצליך זיין פאר בעל־מלאכות. לעת־עתה ווילען מיר זיך בעשעפטיגען מיט א מין מאשין וואס איז זעהר וויכטיג געווארען פאר דאס יודישע לעבען, נעמליך מיט מאשינען צו באקען מצה.

ביי מצה באקען ווערט געוועהנליך געארבעט נור מיט דער האנד. יעדער פון אונז איז אמאל געוועזן אין אזא מין בעקריי, אדער ווי מען רופט עס פאדריאד. עס שטעהען לאנגע טישען ביי די ווענד, אויף וועלכע מיידליך און ווייבליך וועלגערן די מצה. עס איז א רחמנות צו קוקען אויף די שווערע ארבייט פון די פרויען, וואס הארעווען אויף יעדען טייגיל ביז 15-10 מינוט, ביז עס ווערט גוט אויסגעוועלגערט. פון לאנגער ארבייט ווערען ביי זיי געשוואלען די הענד און בכלל זענען זיי ניט אום שטאנד פיעל אויסצווועלגערן, למשל ביי 15 שעה ארבייט אין טאג קען א וועלגערן אויסוועלגערן ניט מעהר ווי איין פוד מצה. מיט 20 ארבייטערינס קאן אזא פאדריאד ארויסנעבען העכסטענס 20 פוד מצה א טאג. דער חסרון פון אזא מין באקען מצה בעשטעהט ערשטענס, דערינען, דאס מען מוז האבען פיעל פלאץ מיט טישען פאר די העלפערינס; צווייטענס, באקט מען אין א טאג צו ווענינג אוים. די ארבייט אליין קומט אוים טייערער ווי מיט מאשינען. אין אויסלאנד באקט מען שוין לאנג מצה נור מיט מאשינען און עס געפינען זיך דארט בעקרייען, וואס געבען ארוים הונדערטער פודען מצה א טאג. ביי אונז אבער אין רוסלאנד האט מען אנגעהויבען איינפיהרען מאשינען ערשט גאר ניט לאנג. ווי יעדע נייע זאך, האט אויך די דאזיגע נעפונען אין אנהויב פיעל געגנער צווישען די פרומע. גראד דא האט מען אבער ניט געטראפען, דען ביי מאשינענארבייט איז די מצה בכלל כשר'רער און ריינער, ווי ביי האנדארבייט, וואו די מצה איז ניט בעווארענט פון חמץ און אומריין ווערען, די דאזיגע ערפינדונג דארף מיט פרייד אויפגענומען ווערען און מיר האפען, אז די צייט איז שוין ניט וויים, ווען דאס באקען מצה אהן מאשינען וועט געהערען צו דער פערגאנגענער צייט.

מיר געהען איצט איבער צו דער בעשרייבונג פון די דאזיגע מאשינען און פון דער ארבייט מיט זיי, מיר ווילען דערמיט קומען צו הילף די מענשען, וואס האבען אויסזיכט איינצופיהרען אזעלכע מאשינען. די ארבייט אין א מצה בעקריי בעשטעהט געוועהנליך אין עטליכע טהייל: אין מישען און קנעטען, וועלגערן, רעדלען און באקען. די אלע דאזיגע ארבייטען זענען ווי געזאגט, ביז איצט אויסגעפיהרט געווארען נור מיט דער האנד. די מאשין האט דאס ציעל די דאזיגע ארבייטען צו פערגרינגערן. מיט דער הילף פון מאשינען קענען אדער די אלע אנגערופענע ארבייטען אויסגעפיהרט ווערען, אדער נור איינינע פון זיי, די שווערסטע. דאס מישען און קנעטען ווערט אויסגעפיהרט אין א אייזערנעם אפאראט מיט רעדער און א האנדגריף צום דרעהען. מען דארף נור אנשיטען מעהל אין אפאראט אריין, אויפגיסען וואסער און דרעהען פאר דעם האנדגריף. דאס מישען און קנעטען ווערט שוין אין דעם אפאראט אויסגעפיהרט אליין אהן יעדע שוועריגקייט. אין 5-4 מינוטען צייט ווערט געוועהנליך אין א קליינער מאשין, וואס איז בעדיענט פון איין מענשען, גוט אויסגעקנעטען און צוגעגרייט צום וועלגערן א האלבער פוד מעהל. דער טייג איז ווייך, דורך און דורך גלייך און ברעכט זיך ניט. פון דאנען געהט דער טייג איבער אין א מאשין וואו ער ווערט דין אויסגעוועלגערט. די דאזיגע ארבייט ווערט אויך פון 1-2 מענשען אהן שוועריגקייטען געטהון, און אין איין שעה קענען ביי א קליינער מאשין גוט אויסגעוועלגערט ווערען ביז 15 פוד טייג. פון דער דאזיגער מאשין געהט דער אויסגעוועלגערטער טייג ווידער אריבער אין איין אנדער מאשין ווי ער ווערט פאלקומען צוגעגרייט צום באקען: ער בעקומט דארט די נויטהיגע דינקייט, ווערט געמאכט פירקאנטיג אדער קיילעכדיג, געשניטען און געדעלט. דאס באקען ווערט שוין אויסגעפיהרט אין א געוועהנליכען אויוען. ווייטער איז פארהאן נאך א מאשין כדי צום מאהלען די מצה אויף מעהל.

מען זאל וועלען אט די אלע מאשינען איינפיהרען, וואלט דאס געווען צו טייער און דאס לוינט זיך נור פאר גרויסע מצה־בעקרייען, וואו אלעס ווערט מיט מאשינען געארבעט און אויך מיט מאשינען בעוועגט. קליינע מצה־בעקרייען קענען זיך בעגנוגען מיט ווענינער מאשינען אדער גאר מיט איינער, וואס זאל אויספיהרען די שווערסטע ארבייט, נעמליך דאס וועלגערן. אין דעם פאל ווערט דער טייג געמישט און געקנעטען מיט די הענד, און דעם אויסגעקנעטענעם טייג גיט מען נאכדעם איבער אויף די וואלצמאשין. דא ווערט די שווערסטע ארבייט מיט דער מאשין געטהון און דאס איבריגע ווערט שוין ווידער געמאכט פון האנד. אזא ארבייטען ברייננט פיעל איין, די מאשין קאסט ניט קיין סך געלד און מע קען מיט איהר אסך מעהר מצה פארטיג מאכען. אסך פאדריאדען האבען שוין ביי זיך אזעלכע מאשינען, און עס איז צו ראטען אויך אנדערן דאסזעלבע צוטהון. די גרויסע פאדריאדען, וואס ניבען ארוים אסך מצה, קענען נאטירליך זיך נאך אנדערע מאשינען איינשאפען, אבער, ווי געזאגט, פאר קליינע פאדריאדען לוינען זיי ניט. מיר קענען זיך דא ניט אבשטעלען אויף אלע איינצעלהייטען און בעשרייבען אויספיהרליך די מאשינען, ווייל אזעלכע מאשינען זענען פארהאן פון פערשידענערליי מינים. *)

אלמוני.

---

# איבער דער גרויסער וועלט.

— וויפיעל קריגט א דאקטאר פאר א וויזיט?

די מאקאווער מיליאנערען טרעטיאקאוו, מאראזאוו, נעמטשינאוו און אנדערע פלעגען צאהלען דעם פערשטארבענעם פראפעסאר זאכארין פאר יעדען וויזיט צו 3000 רובעל. דער פעטערבורגער אקושער־דאקטאר הארוויץ איז געוועזן אמאל ארויסגערופען צו א קימפעטארין אין מאסקווע, האט ער נעקראגען דערפאר 5000 רובעל און אחוץ דעם 200 רובעל פאר יעדען טאג. פראפעסאר באטקין האט געקראגען פאר דריי טעג קורירען ביי דעם מיליאנער בערנארדאקי 30 טויזענד רובעל. די אדעסער און קיעווער גבירים פלעגען פאר יעדעם מאל ארויסרופען באטקינען פון פעטערבורג צאהלען צו 15 טויזענד רובעל. פראפעסאר אייכוואלד דורכפאהרענדיג דורך פראנקפורט אם־מאין, איז פערבעטען געווארען אויף א וויזיט צו דער קראנקער טאכטער פון באראן ראטשילדען און האט פאר דעם איין וויזיט געקראגען 40 טויזענד רובעל. דער פאריזער פראפעסאר שארקא איז אמאל ארויסגערופען געווארען צו א חולה אין פעטערסבורג און האט דערפאר נעקראגען 25 טויזענד רובעל.

*

---

*) ווער עס אינטערעסירט זיך מיט דער דאזיגער פראגע מעהר, קען זיך ווענדען נאך דער פאלגענדער אדרעסע: קיעוו, אינזשענער אייזענבערג באלשאיא וולאדימירסקאיא 41.

— א שטאדט האט זיך איבערגעקליבען. די שטאדט קריטאן אין די פעראייניגטע שטאטען פון אמעריקא האט זיך איבערגעקליבען פון איהר איצטיגען ארט אויף 12 וויארסט ווייטער. אלע הייזער און בנינים, ווי די הילצערנע אזוי אויך די מויערען זענען מיט מאשינעס אריבערגעפיהרט געווארען אין זייער נייעם ארט, וואו זיי זענען אויסגעשטעלט געווארען אין דעמזעלבען סדר, ווי אין דער אלטער שטאדט. דאס אריבערפיהרען הייזער און מויערן פון איין ארט אין דעם אנדערען קומט אין אמעריקא גאנץ אפט פאר.

*

— א יונגער מאן אלס א דינסטמיידיל. אין וויען האט מען ארעסטירט א דיסטמיידיל פון 19 יאהר מיט דעם נאמען מאריא קארפיאל, מיט א מאל האט זיך ארויסגעשטעלט, אז דאס איז א פערשטעלטער יונגער מאן. דער דאזיגער יונגער מאן האט שטענדיג געטראגען פרויען־קליידער און איז געווען פערשריבען מיט א פרויען־נאמען. די וויענער פאליציי האט צונעשטעלט דעם יונגען מאן צו זיינע עלטערן. דער פאטער איז אליין פערוואונדערט געווען, ווען ער האט זיך דערוואוסט, אז ער האט א זוהן אנשטאט א טאכטער. ביי דער חקירה האט די מוטער אבגעגעבען די פאלגענדע ערקלערונג: זי האט געהאט צוויי זיהן, אז זי האט געדארפט געלעגען ווערען צום 3-טען מאל. דער פאטער האט דורכאוים געוואלט האבען נור א טאכטער, דערום אז עס איז געבארען געווארען א דריטער זוהן, האט זי מורא געהאט פאר דעם מאן איהם צו זאגען דעם אמת, דערפאר האט זי דאס קינד תמיד ארויסגעגעבען פאר א מיידיל און זי האט איהם אויך אזוי ערצויגען. דאס יונגיל האט געהאט איין מיידעלשען נאמען, געטראגען מיידעלשע קינדער און דערנאך זיך אויך געלערנט אין א מיידעלשער שולע. דאס קינד איז אזוי איינגעוועהנט געווארען צו זיין לאגע, אז עס האט זיך שוין דערנאך געשעמט ארויסצוגעבען דעם אמת. דאס פערשטעלטע מיידיל האט געדינט אין פיעל הייזער, און ערשט איצט האט די פאליציי געגויט איהם אנצוהויבען טראגען מענערקליידער און אנצונעהמען איין מענערנאמען.

*

— צייטונגען אין דייטשלאנד. אין דייטשלאנד געהען ארויס 3452 צייטונגען, פון זיי זענען 1187 טעגליכע בלעטער, 93 צייטונגען געהען ארויס צוויי און 3 מאל א טאג. פאר אלע דייטשע צייטונגען ווערט אויסגעלייזט 63 מיליאן מארק א יאהר, אזוי אז אויף יעדען איינוואהנער קומט אויס אין דורכשניט איניערך פון 05 קאפ. א יאהר.

*

— טעלעגראף איבער דעם גרויסען אצעאן. עס ווערט איצט טעלעגראפיש פעראייניגט אויסטראליען מיט קאנאדא אין אמעריקא. די דראטהען ווערען נעצויגען אונטער'ן וואסער. די לייננ פון טעלעגראף וועט אנטרעפען 6821 ענגלישע מיילען. דאס וועט זיין דער ערשטער טעלעגראף איבער דעם גרויסען אצעאן. אז ער וועט זיין פארטיג וועט שוין דאן זיין די גאנצע ערד ארומגעצויגען מיט טעלעגראפישען דראטה.

---

## דרוקפעהלער:

אין דער ערצעהלונג „חנה'לע" (יוד נר' 7, זייטע 12, 8 שורות פון סוף) שטעהט: „יונג איז זי נאך געוועזן און שען, אבער טויב און שטום".

עס דארף זיין: „יונג איז זי נאך געוועזן און שען, אבער איהר שענקייט איז געוועזן טויב און שטום".

פיער שורות פון סוף אין דעמזעלבען ארט איז געדרוקט „חאזעווען", עס דארף זיין „ראזעווען".

---

# נדבות:

## פיר דעם יודישען נאציאנאל־פאנד:

זדאלבונאווא: ז. פאוואלאצקי 3 ר', ש. מרגלית 1 ר', יואל מולמאן 1 ר', צבי שפאנאווער 1 ר', י. נוטמאן 2 ר', יוסף שפיץ 1 ר', צבי פעלער 1 ר'. צוזאמען 10 ר'.

קראקוי: געזאמעלט פון ה' בערקאוויטש 75 ה'; ד"ר סיראפ 40 — ה' צוזאמען 1,15 קר.

צוזאמען מיט פריהערדיגע: 16,10 ר"כ; 5,81 קראנען.

---

## בריעפקאסטען דער אדמיניסטראציאן.

ה' א נאווו—ק זאגארי: מעהר ווי 2 ר' אויפ'ן „יוד" פאר אייך האבען מיר פון אייער אגענט ניט ערהאלטען; שיקט נאך 50 ק' אויף דער „יודישע פאמיליע". —

אבאנענט 2085 - פעטראקאוו: 30 קאפ.

ה' אברהם פ. — פאלעשטי: ביטע פאר'ן זשורנאל בעזונדער געלד צו שיקען.

ה' אפרים ג' פאלעשטי: איהר האט ערהאלטען „סאווסעם" אן א בונד" וויל איהר האט אויף א באנד „סאווסעם" קיין געלר נעשיקט.

אבאנענט 5026 — מוראוויעווא: אויף דער ערשטע פראגע — יא, אויף דער צווייטע—ניין.

אבאנענט 4?57 — מאהילעוו: אייער אגענט האט בפירוש געשריבען „יוד" אליין. זאל ער נאבשרייבען וועגען דער „פאמיליע" וועלען מיר שיקען.

ה' מ. ב. מ—ץ קייעוו: איהר קאנט בעקומען.

ה' מ. לעווין—פערנע: די „פאלקסגעשיכטע", פאר די אבאנענטען פון „יוד" 2,30 מיט פארטא; די „וועלט־געשיכטע"—1,50 ר'.

ה' סאליט—בריאצלאוו: ביטע צו לייענען דעם ענטפער אין „יוד" נו' 7.

ה' דוד ב. וואלעגאצולאווא: אז „איין אנדערער האט די נומערן פון פאסט אראבגענומען" וואס זענען מיר שולדיג?

דר. רוזענבליט—לעטיצעוו: מיר האבען אייך שוין איין מאל געשריבען אז די 3 ר', האבען מיר פערשריבען אין גאנצען אויפ'ן „יוד" וויל 1 ר' אויף גרעץ'ס געשיכטע איז צו וועניג. די געשיכטע קאסט פאר די אבאנענטען פון „יוד", 1,80 ר' אויסער פארטא. געבונדען — 2,30 [illegible]יסער פארטא.

ה' סערבער—מאסקווא: די נו' 9 פעהלט.

ה' קיטאיי—ריגא: א) דער „הדור" ערשיינט נישט מעהר ב) איינצעלנע נומערן „יוד" זענען דא צו פערקויפען. יעדער נומער — 15 ק"פ. ג) ניין, מיר נעהמען זיך נישט אן. ד) איין פראספעקט וועט איהר בעקומען די טעג צונעשיקט.

ה' מאשאוויץ — וואלקי: א) מיר האבען אייך נישט געשיקט וויל איהר האט מעהר נישט געשיקט ווי 50 ק' און דער באנד אליין פון די ערשטע 2 בענדער קאסט 30 ק'. אונגעבונדען—איז איצט נישטא. — ב) ווענדעט זיך וועגען וואס איהר פרעגט אן צום קאזיאנעם רב ה' וו. טעמקין אין יעליסאוועטגראד.

---

Verlag „Achiasaf". Verantwortlicher Redacteur M. Berkowicz. Herausgeber, u. Buchdrucker Josef Fischer, Krakau

## Спасительная новость для курящихъ.

עמפפֿאהלען פֿון דאָקטוירים.




יעדער קען רויכען אָהן שאַדען פֿאַר'ן געזונד מיט דעם ציגאַרען־שפּיץ מונדשטיק־אַפּפּאַראַט וועלכער רייניגט דעם טאַבאַק פֿון ניקאָטין און אַלע שעדליכע טהיילען. ווער עס רויכט מיט דעם מונדשטיק־אַפּאַראַט בעקומט אַפֿילו פֿון בילינען טאַבאַק איין פֿיינעם און אַנגענעהמען גערוך. פּרייז פֿון מונדשטיק אַפּאַראַט, פֿיין געאַרבייט זילבער־פּלאַטע אין אַ שענעם שעדעל מיט איין אילוסטרורירטע ביילאַגע צו ווייזען ווי צו בענוצען נור 1,50 רובל. פֿון ריין זילבער 84־טע פּראָבע — 2 ר' מיט אַ פֿערגאָלדעטען מאָנאָגראַם פֿון בעשטעלער מיט 30 ק' טהייער. פּאַר נאָכנאַהמע 10 ק'.

I. Французъ, Варшава. Королевская 49п.

---

## לבעלי בריתי לזכרון תמיד!!!

אדריסתי היא רק בת נ' מלים:
Я. Нейдичъ Варшава.

פראספעקט ישולח חנם לכל דורש

---

## Кадишъ и Изкойръ

Заупокойныя молитвы на русскомъ из. еврейскій діалектъ русскими буквами. Цѣна 20 к. — Книгопродавцамъ уступка.

Одесса, Книгопродавцу Абраму Ривкину, Еврейская 37.

---

**Новооткрытые „Московскіе Номера“,** комфортабельно устроенные съ образцовой прислугой. При номерахъ домашній ресторанъ. Цѣны отъ 50 к. до 3 руб. за номеръ. Х. Мосевицкій, Варшава ул. Новолипки 10, противъ 2-ой Гимназіи.



די בעוואוסטע פֿאַבריק פֿון גילזען מאַשינען

Х. Риценбергъ, Варшава, Новолипье 20

איזט פֿון 1־טען אָקטאָבער איבערגעטראַגען געוואָרען אויף

---

## פֿאָרטרעטע ! — פֿאָטאָגראַפֿירט ביינאַכט !

פֿאָטאָגראַפֿישעס אַטעליע



# „ראַפֿאַעל“

וואַרשאַ, דלוגאַ שטר. נר' 40



פֿילט אויס רעעל און צו דער צייט, צו מעסיגע פּרייזען סאַי בייטאָג סאַי אַבענדס ביז 7 אַזייגער (לויט בעשטעלונג אויך שפּעטער), פֿערשיעדענע פֿאָטאָגראַפֿיען, גרופּפּען, פּאָרטרעטען ביז נאַטורגרעס, און אויך בראָשען, מעדאַליאָנען, ברעלאָקען, זאַפּאָנקעס מיט פֿאָטאָגראַפֿישען בילד פֿון דער געווינשטער פּערזאָן.

פֿערגרעסערונגען ! — בראָשען א.ז.וו. מיט פֿאָטאָגראַפֿיען !

---

ליוט בעשלוס פֿון וואַרשויער סודעבנאַיאַ פּאַלאַטע פֿון 19/I 1902 איז אַראַבגענומען געוואָרען די אָפּאַדלאָשץ פֿון משה ליב לאַנדנער אין שראַדולי.

---

ווער עס וויל גוטע שפּייזען עסען זאָל מיין אדרעס נישט פֿערגעסען, ביי מיר איז פֿריהשטיק אבענדברויט מיטאַגען פֿריש און גוט קיינער וועט זיך נישט בעקלאַגען.

אדרעס: לעווין געגשאַ 18 וו. 23.

---




---

## Пользуйтесь случаемъ!

Только за 5 руб. высылаю коллекцію морскихъ раковинъ перламутровыхъ разныхъ породъ. Спеціальная мастерская издѣлій изъ раковинъ и бронзы письменныхъ и туалетныхъ принадлежностей. На коллекцію задатокъ въ размѣрѣ 25% высылаю франко.

Адресъ: В. А. ТРАЙНИНУ
Варшава, Наевки 35.

---

## !! מעבלירטע צימער !!

מוסטערהאַפֿט זויבער און בעקוועם איינגעאָרדנעט, אים פּרייזע פֿון 50, 60, 75, 90, 1.25, 1.50 ביז 2 רו"כ אַ טאָג. באַדע־צימער (וואַננעס), גאַז־בעלייכטונג. רעעלע בעהאַנדלונג און פּינקטליכע בעדיענונג. מיטטאַגע פּרייזע און שמאַקהאַפֿטע פֿון 35 קאָפּ. אַן סאַמאָוואַרען אַ 10 קאָפּ.

ה. דוואָרעצקי, סט.־יערסקאַ נר' 34.

Меблированныя комнаты
Х. М. Дворецкаго, Варшава
Св. Георгія 34.

---

עס איז אַרויס פֿון דרוק

## „דער 5־טער ציוניסטען־קאָנגרעס“

פֿון דר. ראובן קאַמאַיקאַ.

פֿערלאַג „די צייט“.

דאָס ביכעל גיט איין גאַנצע בעשרייבונג פֿון קאָנגרעס, עס ענטהאַלט אַלע רעדען, די ויכוחים און בעשליסע איבער יעדע פֿראַגע בעזונדער.

☞ פּרייז **20** קאָפּ. מיט פּאָרטאָ. ☜

ציוניסטישע חברות בעקומען גרויסען ראַבאַט.

זיך צו ווענדען צו:

БЕЦАЛЕЛЮ ЯОФФЕ, Гродно,

אָדער:

Издательство »Ахіасафъ«, Варшава.

---

## יין גפן כשר לפסח בהכשר הרבנים.

איך בעעהרע מיך דאָמיט מודיע צו זיין אַלע מיינע קונים און וויין־הענדלער איבעראַל אַז מיין האַנדעלהויז פֿון בעססעראַביער פּראָדוקטען, בעזאָנדערס פֿון אַלערליי בעסטע סאָרטען בעססעראַביער און קרימער ווייגען, וועלכעס עקזיסטירט שוין זייט יאָהרען, האָב איך איבערגעפֿיהרט פֿון קאַלאַראַש נאָך בענדערי. ביטע מיך צו בעעהרען מיט בעשטעלונגען. וועלכע, ווי עס איז שוין מיינע קונים בעקאַנט, וועלען אָרדענטליך און פּינקטליך אויסגעפֿיהרט ווערען. איך שיק זאָגאָר 1 ווידרא.

פּרייזקוראַנטען בחנם לכל דורש. מיין אַדרעססע:

**Д. ЛЕМБЕРГУ, Бендеры, Бесс. губ.**

---

## שפּיגעל־פֿאַבריק

## ל. אידעלזאָהן, וואַרשאַ

ביעליאַנסקאַ נר' 1

עמפפֿעהלט זיין גראָססעס לאַגער פֿאַן שפּיגעל, שפּיגעל־גלאָז, טרוימאָס אין דעטאַיל אונד ענגראָ.